# אליעזר שערמאַן

# טשעפּער און בויער

## אחד - העם — א. ד. גאָרדאָן

פאָרוואָרט:

א. אלמי

פאַרלאַג „אלטניי"

פילאדעלפיע, 1941

אנדערע ביכער פון זעלבן מחבר :

הירשלה אוסטרופוליר (אין העברעאיש)
דער מענש ביאליק



OGONTZ MANOR
Ogontz and Olney Avenue
Philadelphia, Pa.

FEDERAL PRESS

406 VINE STREET

Philadelphia, Pa.

1941

# פאָרוואָרט

דאָס לעבן, זאָגט אַ ווערטל, איז דער שפּאַנענדיקסטער ראָמאַן. אפשר דערפאַר האָט דער אומגעהייערער וואוקס פון דער ביאָגראַפישער און מעמואַריסטישער ליטעראַטור זינט 1918, דאָס הייסט: זינט דער ווילהעמשער וועלט מלחמה, אַרויסגערופן ביי געוויסע ליטעראַטור־פאָרשער דעם חשד, אַז פאַר אונזערע אויגן קומט־פאָר דער איבערגאַנג פון דיכטונג צו וואָר. דאָס מיינט, אַז דער קינסטלעריש־געדאַכטער מענטש טרעט־אָפּ דעם פּלאַץ פאַר דעם „רויען", לעבעדיקן מענטש, פאַר דעם מענטש, וואָס ביז אַהער איז ער געווען בלויז מאַטעריאַל פאַר קינסטלער און קאַנאָנען־פלייש פאַר מיליטאַריסטן.

אַנדערע זען אין דעם כסדרדיקן וואוקס פון ביאָגראַפישע און מעמואַריסטישע ווערק דעם געזעגענונגס־פּאַרנויג פון אַן עפּאָכע, ווען אירע לעצטע "מאָהיקאַנער" ווילן אונטערציען אַ סך־הכל פון דאָס אַוועקגעגאַנגענע; פאַראַן אויך אַ מיינונג, אַז מיר האָבן דאָ צוטאָן מיט דעם רעוואָלט פון דעם יחיד אין אַ צייט, ווען מיליאָנען יחידים ווערן צוריבן אונטער די רעדער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, אָדער זענען, ווי מייז און קראָליקעס, אונטערגעוואָרפן דער וויוויסעקציע פון אַלערליי מאַטעריאַליסטיש־קאָלעקטיוויסטישע אידעאָלאָגיעס.

מעגלעך, אַז אין יעדער פון אָט־די השערות איז דאָ אַ געוויסע מאָס אמת. מעגלעך אויך, אַז קיין איינע פון זיי האָט נישט געטראָפן אין פּינטל. אָבער דער פאַקט בלייבט פאַקט, אַז די מעמואַריסטישע און ביאָגראַפישע ליטעראַטור פאַרפלייצט אַלע ביכער־מערק, אין איירָאָפּע און אין אַמעריקע. ס'שרייבן אויטאָ־ביאָגראַפיעס, ביאָגראַפיעס (פון אַנדערע) און זכרונות, שריפטשטעלער, שטאַטסלייט, געזעלשאַפטלעכע טוער און אפילו

פֿאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן איבערגעלעבט קאַלטס און וואַרעמס אין דער בלוטיקער עפּאָכע פֿון מלחמות, רעוואָלוציעס און בירגער־קריגן.

די אידישע ליטעראַטור איז אין דעם פּרט נישט קיין אויסנאַם. אויך אויפֿן אידישן ביכער־מאַרק איז אַ זול אויף ווערק פֿון דער דערמאָנטן מין. איבערהויפּט האָט ביי אונז אַ וואַקס געטאָן די צאָל אָפּהאַנדלונגען פֿון אידישע שרייבער וועגן זייערע קאָלעגן — אַלטע און יונגע, אַמאָליקע און היינטיקע. די־דאָזיקע ווערק זענען פֿון פֿאַרשיידנאַרטיקן כאַראַקטער: דער רוב פֿון זיי באַשטייט פֿון "פּאָרטרעטן", וואו נישט די ליטעראַרישע, נאָר די פּערזענליכע אייגנשאַפטן פֿון די "באַשריבענע" זענען דער עיקר; בעת אַנדערע פֿאַרנעמען זיך אויסשליסלעך מיט אַ ליטעראַרישער אָפּשאַצונג און טייל — מיט רעמיניסענצן, אין פֿאַרבינדונג מיט געוויסע פּאַסירונגען.

אליעזער שערמאַן, דער מחבר פֿון דעם בוך, וואָס דער לעזער האָט איצט אין האַנט, באַנוצט זיך — אין זיין שרייבן וועגן שריפֿטשטעלער, פּירער און קעמפֿער — מיט אַ מעטאָדע, וואָס איך וואָלט אָנגערופֿן די סינטעטישע. זיין מאַטעריאַל שטעלט ער צונויף פֿון כלערליי עלעמענטן: ביאָגראַפֿיע, דערינערונג, פּערזענלעכע כאַראַקטעריסטיק און ליטעראַרישע אָפּשאַצונג — און די־דאָזיקע פֿאַרשיידנאַרטיקע עלעמענטן צעמענטירט ער צונויף מיט ציטאַטן — סיי פֿון די "באַשריבענע", סיי פֿון אַנדערע, וואָס האָבן געשריבן וועגן זיינע באַליבטע "העלדן". דערביי לאָזט ער זיך נישט פֿאַרבלענדן פֿון זיין "ליבע" און ברענגט אויך אַרויס די שאָטן־זייטן און חסרונות פֿון די אַלע שעפֿער און קעמפֿער, וואָס ער פֿירט פֿאַר אונז אַרויס.

דער פּועל־יוצא איז: אַ מערקווירדיקע שלמות פֿון פּאָרטרעט און כאַראַקטעריזאַציע. נעמט זיין ביאַליק־מאָנאָגראַפֿיע, וואָס איז מיט אַ שטיק צייט צוריק אַרויס אין בוכפֿאָרם; אָדער זיינע מאָנאָגראַפֿיעס פֿון אחד־העם און א. ד. גאָרדאָן — די צוויי פֿאַרבנ־

רייכע פערזענליכקייטן שטייען פאר אונז לעבעדיקע, מיט זייערע מעלות און חסרונות. מיר פילן ממש זייער אָטעם. מיר הערן ממש זייער קול. מיר פארשטייען בעסער זייער שאפן דורך דער באלייכטונג פון זייערע פערזענליכקייטן און מיר ווערן נענטער צו זייערע פערזענליכקייטן דורך דער אָפּשאצונג פון זייער שאפן — אין שערמאנ'ס מאָנאָגראפיעס.

שערמאן איז, לויט מיין מיינונג, דער אָביעקטיווסטער מאָנאָגראפיע־שרייבער אין דער אידישער ליטעראטור; ער לאָזט זיך נישט פארבלענדן פון בלינדער ליבע און חסידישער התלהבות און ער לאָזט זיך נישט פארפירן פון פאָראורטיילן און רכילות; דערביי איז ער אויך נישט קיין טרוקענער מתנגד. ער ווייסט, אז דער מענטש איז א צו־קאָמפּליצירט באשעפעניש און נאָך מער זענען עס די שעפערישע און קעמפערישע נאטורן, אז מ'זאָל משפט'ן אָדער אין לויטער ליכט, אָדער אין לויטער שאָטן. עס זעט אויס ווי דער מחבר וואָלט מקיים געווען שפינאָזאָס „געבאָט": "נישט לאכן, נישט וויינען, נאָר פארשטיין". און אלץ, וואָס שערמאן וויל, איז פארשטיין די מענטשן, וואָס ער שרייבט וועגן זיי און מאכן, אז אויך די לעזער זאָלן זיי פארשטיין. ווען אים אליין איז עפּעס נישט קלאָר, אָדער ער איז נישט זיכער אויף א געוויסן פּונקט, רוקט ער זיך אוועק אָן אַ זייט און לאָזט אַן אנדערן רעדן — דורך ציטאָטן — אָנשטאָט אויסצופילן דעם בלויז מיט סתם השערות און בוך־סברות.

א. שערמאן טוט אַ וויכטיקע ארבעט אין דער אידישער ליטעראטור און איך האָף, אַז ער וועט זיך נישט אָפּשטעלן, נאָר ווייטער ארויספירן פאר אונז די אלע שעפערישע און קעמפערישע אידישע פערזענלעכקייטן, וואָס ער האָט זיי באגעגנט און נענטער דערקענט אויף זיינע וואנדערער־וועגן אין אייראָפּע, אין ארץ־ישראל און אין אמעריקע.

**א. אלמי**

ניו־יאָרק.

# אחד העם — ר׳ אשר גינצבערג
(1856—1927)

---

## אויפ׳ן שפּיץ פון כרמל

ווידער בין איך געווען אין ארץ־ישראל — (אין יאָר תרס"ד) — אין בין געווען און ניט געווען. דאָס מאָל בין איך געקומען קיין ארץ־ישראל ניט צו ארבעטן דאָרט, נייערט צו רוען, און דעריבער האָב איך אנשטאט צו גיין צו ארבעטס־פּלעצער, געזוכט א רו־פּלאץ אין א רואיק ווינקל אויפן שפּיץ פונים כרמל, און דעם „ישוב" און זיינע צענטערס האָב איך ניט געזען.

און דאָך פיל איך אין אלע קעמערלאך פון מיין הארץ, אז אויך דאָסמאָל בין איך געווען אין ארץ־ישראל. און ניט נאָר דאָס ,נאָר מיר דוכט זיך כמעט, אז בלויז דאָס מאָל בין איך געווען אין ארץ־ישראל. און אויב אַ גלות־איד, וואָס גייט זען דאָס לאנד, וועט ביי מיר איצט פרעגן, וואָס זאָל ער דאָרטן טאָן, כדי צו פילן דעם „טעם פון ארץ־ישראל" מיט זיין גאנצער ריינ־קייט, מיט זיין גאנצער זיסקייט און ביטערקייט צוזאמען — וועל איך אים ענטפערן: לאָז־איבער יפו און די געגנטן ארום איר מיטן גאנצן דאָרטיקן ארבעטס טומל און קלעטער ארויף אויפן שפּיץ פונם כרמל; דאָרטן זאָלסטו זיך מתבודד זיין פאר עטליכע טעג מיט דיינע הארץ טרוימען און שטיל פליסטרן בייטאָג און ביי־נאכט מיט די גייסטער, וואָס קומען דיר אנטקעגן פון דער טי־פעניש פון פארצייטיקע יאָרן...

און איך זיץ פארנאכט אויפן שפּיץ פונם כרמל און מיינע אויגן ווענדן זיך צו מערב־זייט, צו דער שקיעה אין מיטן ים.

אלץ, וואָס מײַנע אויגן זען ארום, זעט מיר אויס פרעמד; פון מײַנע עלטערנס גאנצער ירושה איז קיין סימן ניט געבליבן, אפי־לו קיין קלײַנע חורבה ניט. דאָס הויז וואו איך וואוין, די דעמ־בעס וועמענס שאָטנס באשיצן מיך, די גערטנער, וואָס פארכאפן דאָס אויג פון יעדער זײַט — אלעס איז אויפסניי געשאפן גע־וואָרן דורך פרעמדע מענטשן, וואָס זענען פון ווייטנס געקומען צו לייטזיילײקן די הייליקע ערד, און איך, וואָס און וועמען האָב איך דאָ? און מיט א שטורמדיקע הארץ ווענד איך אָפּ מײַנע אויגן פון די אלע זאכן און קוק מיט געבעט צו דער זון, וואָס בלויז די אליין שײַנט נאָך און פארגייט אויף דעם פלאַץ, אזוי ווי זי האָט געשײַנט און איז פארגאנגען מיט טויזענטער יאָרן צוריק, און בלויז זי האָט געזען דאָ מײַנע אור־עלטערן אין זייער רו — זאָל זשע דאָס זײַן אן עדות פאר מיר, אז איך בין דאָ ניט קיין פרעמדער . . .

און די זון רויטלט זיך און אײַלט זיך צו באהאלטן זיך אין די טיפענישן פון די אָפּגרונטן, אזוי ווי וואָלט זיך געשעמט צו דערמאָנען זיך אין יענע טעג, ווען אידן האָבן געקניט און געבוקט זיך צו איר, און מזבחות האָבן זיי געבויט צו איר און נביאים האָבן אין איר נאָמען נביאות געזאָגט אויפן שפיץ פונם כרמל . . .

(פּרקי זכרונות, אחד־העם, „רשמות", כרך ה' 105 — 104)

ערגעץ־וואו אין א פארוואָרפן ווינקל, וואו אידן זענען נאָך אין פאַבריקן יאָרהונדערט געווען, אַזוי ווי פארצייטן „א פאָלק וואָס רוט באזונדער, און רעכנט זיך ניט צווישן אומות", האָט געלעבט א אינגל א בלאסער און א דינער מיט פארחלום'טע בלויע אויגן און געקרויזטע האָר. בײַטאָג און בײַנאכט האָט ער געלערנט תורה, ווײַבער האָבן זיך אין אים געבענטשט, געקומען בײַ אים פרעגן שאלות און אים געוואונטשן צו ווערן א רב בײַ אידן.

איז געקומען דער שטן און צומישט זיינע רעיונות, — ער האָט אָנגעהויבן לייענען „זייטיקע ביכער", וואָס האָבן געטאדלט די אידישע טראַדיציע, אָפּגעשפּאָט פון אידישע מנהגים. ווער ווייסט וואוהין דער אינגל וואָלט זיך געווען דערקייקלט, ווען ניט דער גרויסער לערער אחד־העם, וואָס האָט באַוויזן, אַז אַ עכטער גרויסער איד איז אויך אַ גרויסער מענטש.

און איצט, ווען דאָס געוועזענע אינגל האָט שוין אריבערגע־שפּאַנט די מיטעלע יאָרן, ווען זיין קאָפּ איז שוין באַזילבערט, דער־מאָנט ער מיט גרויס ליבע און אכטונג אחד־העם'ען, דעם מחבר פון „על פרשת הדרכים", וואָס האָט באַוויזן

„פאר אלע וואָס בלאָנדזשען וועג־איין און וועג־אויס
דעם וועג, וואָס טוט פירן צום מזרח: פאָראויס!"

(פון ביאליק'ס פּאָעמע „צו אחד־העם'ען")

א.

## מיינע ערשטע זכרונות וועגן אחד־העם׳ען

די ערשטע השכלה ביכער, וואָס זענען מיר געקומען אונטער׳ן האנט, ווען איך בין אַוועק „אויף זייטיקע וועגן" זענען דע־מאָלט געוועזן אין מיינע אויגן „גרינגער פון קלייען": — „מסתרי פריז", איבערזעצט פון קלמן שולמאַן, „אהבת ציון", סמאָלענ־סקי׳ס ראָמאַנען וכדומה.

אזוי ווי מיינע רביים האָבן זיך אַלעמאָל געפלייסט צו „שאַרפן מיין מוח", צוגעוואוינט מיך ניט צו באַנוצן זיך בלויז מיט פשוטע רש"י, נאָר אויך פאַרטיפן זיך אין די פּלפּולים פונם מהרש"א און מהר"ם שיף, האָבן דעריבער די דאָזיקע ביכער מיך ניט באַפרידיקט. דען איך האָב געזוכט אַ בוך ניט צום לייענען נאָר צום לערנען.

האָב איך גענומען לערנען דעם „מורה נבוכי הזמן" פון קראָכמאַל׳ן, איז מיר אָבער אָנגעקומען זייער שווער איינצובייסן די העגעליאַנישע דיאַלעקטיק בכלל, און באַזונדערס דער פאַר־זוך פון קראָכמאַל׳ן אריינצוקוועטשן און אריינצופּרעסן די קאָמ־פּליצירטע אידישע געשיכטע אין דער דאָזיקער פילאָזאָפישער שיטה.

איך בין דעריבער געוועזן ענטוישט אין דער העברעאישער לי־טעראַטור ביז איך האָב אָנגעהויבן לייענען אחד־העם׳ס עסייען, אין וועלכע איך האָב דאמאָלט געפונען אַ סך אָריגינעלע נייע רעיונות, וואָס זענען דערצו איבערגעגעבן געוואָרן אין אַ גלענצנדן און צמצום׳דיקן העברעאיש. „דרך כוכב מיעקב" — האָב איך דאַן געקלערט, אַ נייער שטערן האָט אָנגעהויבן שיינען אויפ׳ן אידישן האָריזאָנט. אחד־העם איז דער רמב"ם פון אונזער דור. איך בין געוואָרן אחד־העמ׳ס אַ גרויסער חסיד און מיט גרויס

אינטערעס געלייענט זיינע „פירורים־ ־ ברעקלאך, און אויך זיי־נע לענגערע עסייען.

זאל דא צוגעגעבן ווערן, אז פרומע אידן זענען ניט געווען צופרידן אויך מיט אחד־העם׳ען, כאטש ער האט קיינמאל ניט באקעמפט די אידישע רעליגיע און אין זיינע שפעטערדיקע יארן זיך דערנעענטערט צו איר. די חסידים ביי אונז האבן געמורמלט: „איר ווייסט פארוואס ער רופט זיך אחד־העם? דאס איז א רמז אויפ׳ן פסוק „כמעט שכב אחד העם”...

* * *

אין אנהויב פון איצטיקן יארהונדערט בין איך אריבערגע־פארן קיין באלטע (פאד. גוב.), וואו איך האב זייער פיל געהערט וועגן אחד־העמ׳ען אין הויז פונם דאמאלסטיקן באלטער ראבי־נער, מ. מ. שיינקין, וועלכער איז געווען באפריינדעט מיט אחד־העם׳ען.

מאדאם שיינקין האט דערציילט מיט גרויס התפעלות וועגן די ליטעראַרישע אָוונטן, וואס זענען פארגעקומען אין אחד־העם׳ס הויז. זי האט אויך דערציילט, אז די איינגעלאדענע געסט זענען אלעמאל געווען זייער פארזיכטיק אין זייערע רייד, געוואויגן און געמאסטן יעדעס ווארט, ווייל אחד־העם איז געווען ניט צופרידן, האט פשוט פיזיש געליטן, ווען עמיצער האט ארויסגעזאגט א רעיון, וואס האט ניט געהאט קיין לאגישע באגרינדונג.

מען האט מיר אויך יעמאלט דערציילט, אז, ווען אחד־העם האט באקומען בירושה פון זיין פאטער א גרעסערע סומע געלט, איז ער געווען באזארגט, ווייל ער האט געצווייפלט, צי ער איז מאראליש בארעכטיקט צו באנוצן די געלדער פון זיין פאטער, וואס איז געווען א סוחר, אן אייגנטימער פון א „גוראלניע” — א שנאפס־ברייזל.

* * *

אינגיכן בין איך באקערט געוואָרן צום באָראָכאָוויסטישן פּועל־ציוניזם, וואָס די בונדיסטן האָבן דאמאָלסט ריכטיק כאַראקטעריזירט אַלס אַ טעאָריע, וואָס איז צוזאמענגעשטוקעוועט פון שעטנז, פון אָפּשניצלאך פון הערצל'ען און מארקס'ן („פון מארקס'ן אַ לעק, פון הערצל'ען אַ שמעק" — האָט מען דאן געזונגען אַ סאטיריש ליד'ל). יעמאָלט אָבער האָב איך געגלויבט באמונה שלמה אין דער צונויפגעשטוקעוועטער טעאָריע, און דעריבער האָב איך זיך באצויגן מיט גרינגשעצונג צום אחד־העם־איזם, וואָס איז געווען דער היפוך פונם מארקסיזם.

אין יענער צייט האָט די באלטער פּועלי־ציון גרופּע איינגעאָרדענט אַן אומלעגאַלע פארזאמלונג, אויף וועלכער איך האָב געהאַלטן אַ פּאָרטראַג וועגן די פּראָגראמען פון פארשיידענע פּארטייען אויף דער אידישער גאַס. רעדענדיק וועגן אחד־העם'ען און זיין טעאָריע האָב איך געזאָגט, אַז זי איז צו אבסטראקט, און איידער איך האָב באוויזן צו אנטוויקלען מיין טעזיס, האָט אין צימער זיך אריינגעבראָכן אַ זייער קאָנקרעטער גרויסער גוי — דער „איספּראַווניק" מיט אַ גרויסער כאָפּטע „גאָראָדאָוואָיעס" און מיך אַרעסטירט...

* * *

געקומען קיין אָדעס מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, פלעג איך באַזוכן די ציוניסטישע שול „יבנה", וואו איך האָב געזען און געהערט ריידן אַ סך ציוניסטישע פירער און העברעאישע שרייבער — א. ל. לעווינסקי, ביאַליק א. א. אחד־העם'ען אָבער האָב איך קיינמאָל ניט געזען. ווי מען האָט מיר דאן איבערגעגעבן פלעגט ער זעלטן געזען ווערן צווישן „עמך", צווישן דעם פּשוט'ן המון...

האָב איך דאמאָלט שטארק פאראיבל געהאט אויף אחד־העם'ען פאר זיין אָפּגעזונדערטקייט פון „די ברייטע מאסן", וואָס זע־

נען, כידוע, דאָס זעמלמעל פון דער געזעלשאפט. דאָס איז פאר מיר דעמאָלט געווען נאָך א באַווייז, אז דער בעסטער פון די „בור־זשוען" דארף צום שטארקסטן בעקעמפט ווערן פונם פּראָלע־טאַריאט און זיינע פאָרשטייער.

מערקווירדיג איז וואָס ניט געקוקט אויף דעם, וואָס איך האָב געלייענט אחד־העמ'ס אַ סך ארטיקלען און עסייען, האָב איך פאר אַ סך יאָרן אים געהאלטן פאר אַ טרוימער, אַ בטלן. בלויז אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך אויסגעפונען, אז ער איז געווען דער פּראַקטישסטער מענטש צווישן די ציוניסטן.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך דאָ ברענגען אן אויסצוג פון פּראָפעסאָר י. קלויזנער'ס אן ארטיקל — „רוחניותו של אחד־העם" („הארץ", 34. 1. 8): „אין יאָר 1904 האָט דוד פרישמאַן פארעפענטליכט אין וואָכנבלאט „פּאָלקסצייטונג" אן ארטיקל ווע־גן אחד־העמ'ן, אין וועלכן ער האָט אים באשולדיקט אין צופיל גייסטיקייט און געשריבן אויף אים, אז ער „הימלט זיך". אחד־העם איז דאַן צופעליק געקומען קיין ווארשע. אין מיין שמועס מיט אים, איז דערמאָנט געוואָרן פרישמאַנ'ס ארטיקל — און קיינמאָל האָב איך ניט געזען אחד־העמ'ן זיין אזוי פיל אויפגע־רעגט! „איך הימל זיך?!" — האָט ער אויסגעשריען מיט רוג־זה —איך, וואָס אלע מיינע יאָרן וואָרן איך און וואָרן ווידער ווענן פוסטע פאנטאזיעס, ווענן שוועבן אין די אויבערשטע וועלטן — איך הימל זיך? וואו און ווען? פארקערט, איך דערמאָן תמיד דעם העברעאישן לייענער אָן דער ביטערער ווירקליכקייט, אָן די נאַטירליכע שטרויכלונגען, און איך האָב ניט קיין געמיינ־שאַפטליכעס מיט הימלישקייט און מיסטיק".

ב.

## אחד־העמ׳ס לערע 1)

די לעצטע יאָרן פונם פאַריקן יאָרהונדערט און אין אָנהויב פונם איצטיקן יאָרהונדערט איז די אידישע יוגנט און די פּאָרט־געשריטענע טייל׳ן פונם אידישן פאָלק געשטאַנען „על פרשת דרכים״, אויפ׳ן שייד־וועג. עס איז דאַן געווען „פאַרמישט יעדע גרענעץ אין דער צייט פון דעם תהו ובהו: פון עלטער און יוגנט, פון צושטערן און בויען״, און איטלאַכער איז געגאַנגען זוכן „זיין ליכטיקן שטערן אין הימל אין שוואַרצן״. יעדער פון אונז האָט געבעטן, אַז „ס׳זאָל קומען אַ נביא פון אמת״ און דאַן „האָט אויפגעלויכט, לערער, דיין שטערן״.

(די ציטאַטן אנטנומען פון ביאַליק׳ס ליד „צו אחד־העמ׳ען״,

---

1) אחד־העם איז באוואוסט אלס דער מחבר פון „על פרשת דרכים", וואו ער דערקלערט אין א רייהע ארטיקלען און עסייען די יסודות פון זיין לערע. אויף די עלטערע יאָרן האָט ער אויך פארעפענטליכט זיינע בריוו, וואָס זענען אן הוספה צו דעם דער־מאָנטן בוך.

היות ווי די ארטיקלען און אויך די בריוו זענען געשריבן גע־וואָרן אין אַ משך פון אַ סך יאָרן, זענען אין זיי פאראַן אייניקע סתירות און אויך אומקלאָרקייטן, וואָס האָבן געפירט צו מיס־פארשטענדענישן. ער האָט דעריבער, מיט דער הילף פון ראַוו־ניצקיין צוזאמענגעשטעלט א קיצור פון זיינע ווערק א. נ. „לקט" אין וועלכן עס ווערט איבערגעגיבן אין א צמצום׳דיקער פאָרם זיינע הויפט רעיונות. אין מיין ארבעט האָב איך מערסטענס באַ־נוצט זיך מיטן זאמלבוך „לקט".

איבערזועצט פון י.י. שווארץ) אָט אזוי האָט דער גרויסער נאַציאָנאַלער דיכטער באַגריסט זיין גרויסן לערער.

פאר דער צייט זענען פיל וואסערן אָפגעלאָפן אונטער די בריקן, וועלטן זענען חרוב געוואָרן, גרויסע ענדערונגען זענען פאָרגעקומען אין לעבן בכלל און אין אונזער אידישער וועלט בפרט. דער קלאנג פון די שווערדן צווישן די פאָליטישע ציוניסטן און די קולטוריסטן איז שוין לאנג איינגעשטילט. מיר קענען דעריבער איצט מער־וויניקער אָביעקטיוו אורטיילן וועגן דער פלוגתא, די מיינונגס־פארשיידנהייט צווישןביידע צדדים.

וואו באוואוסט, איז די הויפט שטרייט־פראגע צווישן די פאָליטישע ציוניסטן און אחד־העם׳ען באשטאנען אין דעם, וואָס הערצל און זיינע נאָכפאָלגער האָבן געשטעלט דעם טראָפּ, האָבן אונטערגעשטראָכן „צרת היהודים״, די „אידן נויט״. אין אנדערע ווערטער, הערצל האָט געהאלטן, אז דער צוועק פונם ציוניזם איז צו פארבעסערן די עקאָנאָמישע לאגע און ענדערן דעם פאָליטישן סטאטוס פון אידן דורך דער שאפונג פון א אידישער מדינה אין ארץ ישראל. איז געקומען אחד־העם און געזאָגט, אז די עקאָנאָמישע און פאָליטישע לאגע פון די אידן אין די גלות־לענדער וועט ניט געענדערט ווערן דורך דער שאפונג פון א אידן שטאט, ווייל דער גרעסטער טייל פון אונזער פאָלק וועט דאָך בלייבן אין חוץ לארץ. אָבער א אידישער קבוץ אין ארץ ישראל וועט יאָ ראטעווען דעם אידישן גייסט, וואָס שטייט אין געפאר אין די גלות־לענדער, וואו ער איז ארומגערינגלט פון פרעמדע און שטארקע „קולטורן״. מיר דארפן דעריבער שטרעבן ניט צו א פאָליטישן שטאַט, נאָר צו אַ „מרכז רוחני״.

אין פלוג איז דאָס א פּאראדאָקס: הערצל, דער פאָרשטייער פון די מערב־אייראָפּייאישע אידן, וואָס האָבן אין סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט קנאַפּ געליטן מאטעריעל און וואָס דאָס אידנטום, דער אידישער גייסט און די אידישע קולטור, איז צווישן זיי אָפּגעשטאָרבן, אויסגעגאנגען אין די אָרעמס פון אסימילאציע,

ער איז געוועזן דוקא פאראינטערעסירט אין דער לייזונג פון דער אידן־פראגע אין עקאָנאָמישן און פּאָליטישן זין. פון דער אנדערער זייט האָט אחד־העם, דעם פאָרשטייער פונם מזרח־אידנטום, וואו דער רוב מנין ובנין פונם אידישן פאָלק איז געוועזן פארוואָרצלט אין דער אידישער טראדיציע און בלויז א קליינע אויבערשטע שיכט פונם פאָלק איז פארכאפּט געוואָרן פונם אַסימילאציע שטראָם, זיך געקימערט הויפּטזעכליך וועגן קיום פונם אידישן גייסט, פון יהדות.

איך ווייס ניט, וואָס הערצל וואָלט געענטפערט אויף דער פראגע. אחד־העם אָבער דערקלערט דאָס דאָזיקע פּראָבלעם אָט ווי אזוי אין זיין גלענצנדער עסעי „עבדות בתוך חרות": קודם כל ווייזט ער אָן אויף דעם, אז די מערב־אייראָפּעאישע אידן האָבן זיך בלויז אויסערליך באפרייט, אינערליך אָבער זענען זיי פארבליבן „שקלאפן אין דער פרייהייט", און אַלס שקלאפן האָבן זיי ניט דעם מאָראלישן מוט צו באפרייען זיך פון זייערע גייסטיקע קייטן. די מזרח־אייראָפּעאישע אידן אָבער, כאָטש זיי לייַדן אויסערליך פון די רדיפות קעגן זיי, זענען אָבער אינערלעך פריי, ווייל זיי זיינען שטאָלץ מיט זייער אידישקייט. „און דעריבער איז ניט איר וועט זיך באפרייען פון אייער גייסטיקער שקלאַפעריי, נאָר מיר — די מזרח־אידן, וועלן קומען צו אייך און אייך באפרייען פון אייער אינערליכער שקלאפעריי... מיר וועלן קומען און אָנפילן די פּוסטקייט פון אייער הארץ מיט געפילן פון אידנטום — ניט דאָס אידנטום, א שיינע פראזע, אָהן א טעם, וואָס איר טראָגט אויף אייערע ליפּן, נייערט אַ אידנטום, וואָס לעבט אין הארץ און איז פול מיט ווילן און קראפט צו אנטוויקלען זיך און באנייען איר יוגנט". 2)

* * *

וואָס איז אזוינס דאָס אידנטום, דער אידישער גייסט? וואָס איז זיין מהות, זיין אינהאלט?

די דאָזיקע פראגן זענען ארויפגעשוואומען, לויט אחד־העם׳־

ען, אין מערב־אייראָפּע אין אָנהויב פונם 19־טן יאָרהונדערט, ווען אידן האָבן דאָרטן באַקומען בירגערליכע רעכט, און אינם סוף פום דעם יאָרהונדערט זענען זיי געשטעלט געוואָרן אויך צווישן דער אידישער אינטעליגענץ אין מזרח־אייראָפּאַ. פריער אָבער איז די פראגע ניט געשטעלט געוואָרן.

דען פאר א סך הונדערטער יאָרן, וואָס אידן לעבן אין גלות „האָבן זיי געבענשט גאָט יעדן טאָג דערפאר, וואָס ער האָט זיי געמאכט פאר אידן . . . און קיין איד האָט זיך קיינמאָל ניט גע־שטעלט די פראגע: פארוואָס בין איך א איד? . . .

„אזוי ווי מ'קען ניט פרעגן וועגן א לעבעדיקע זאך פארוואָס עס לעבט און ס'איז ניט קיין דומם, אזוי קען מען ניט פרעגן, פארוואָס איז א איד — א איד". 3)

וואָס־זשע איז געווען די געהיימע קראפט, וואָס האָט גע־שטארקט אידישע הענט, וואָס האָט געהאָלפן דעם אידישן פאָלק אָנצוהאלטן זיין קיום, ניט געקוקט אויף די שוידערליכע רדיפות, אינקוויזיציעס און אוטאָ־דע־פעען?

אויף דעם ענטפערט אחד־העם, אז אונזער קראפט איז באַ־שטאַנען אין אונזער טיפן גלויבן, אז „לא בחיל ולא בכח" — — ניט מיט קראפט און ניט מיט מאכט לעבט דער יחיד ווי דאָס פאָלק, נייערט מיט'ן גלויבן אינם כוח פונם גייסט, וואָס איז שטארקער און העכער פונם חומר".

„די אמונה אינם כוח פונם גייסט איז געווען דער עמוד־האש, דער פייער־זאל, דער וועגווייזער פארן אידישן פאָלק פאר א סך הונדערעטער יאָרן.

„ניט מיט קראפט און ניט מיט מאכט האָט עס (דאָס אידישע פאָלק) אָפּגעהיט זיינע נאציאָנאלע ווערטען און עס האָט זיך אים אויך איינגעגעבן אריפצושטעלן זיין נאציאָנאלן חותם אויף גע־

---

2) „לקט", ע. 38. 3) „לקט", „מהות היהדות ותכונתה", ע. 1.

וויסע ווערטן פון דער אלמענטשליכער קולטור; ניט מיט קראפט און ניט מיט מאכט האָט זיין השפעה טיף אריינגעדרונגען אינם לעבן פון די פעלקער, צווישן וועלכע ער וואוינט, וואָס קעמפן קעגן אים מיט זייער גאנצער קראפט און קענען זיך ניט באפרייען פון איר". 4)

„און בכלל, איז די גאנצע געשיכטע פון אונזער פאָלק, פון אָנהויב פונם צווייטן בית־המקדש און ביזן לעצטן דור, בלויז איין לאנגער הימן צו דער קראפט פונם גייסט ווען ער שטויסט זיך צונויף מיט מאטעריעלע כוחות, וואָס שטרעבן אים איינצו־שלינגען." 5)

* * *

אינם סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט איז דער מארקסיזם גע־ווען שטארק פארשפרייט אויף דער אידישער גאס. די אידעען פון צדק און יושר, פון מאָראל און עטיק, וואָס אידן האָבן אלע מאָל געפּרעדיקט צווישן זיך און אויך פאר אנדערע פעלקער, זענען דערקלערט געוואָרן פון די מארקסיסטן אלס בורזשואז־רעאקציאָנערע געדאנקען.

„מארקס האָט אוועקגעשטעלט די וועלט מיטן קאָפּ אראָפּ", ער האָט באוויזן, אז „דער זיין באשטימט דאָס באוואוסטזיין" — און ניט פארקערט — האָבן פארשיידענע אגיטאטאָרס גע־טרומייטערט.

איצט זעען מיר איין, אז מארקס האָט די וועלט ניט איבער־געקערט, דערפאר אָבער האָט ער די קעפּ פון אונזער יוגנט אי־בערגעקערט. אחד־העם טרעט שארף ארויס קעגן דער דאָזיקער מאָטעריאליסטישער לערע. ער ווייזט אָן אויף דעם, אז אידן זענען געשטאָרבן „על קידוש השם" ניט צוליב „עקאָנאָמישע אינטערעסן", נייערט צוליב זייער אמונה אינם פרימאט פונם גייסט איבערן חומר.

---

4) דאָרטן, ע. 2. 5) דאָרטן, ע. 2.

וואָס איז דער תוכן, דער אינהאַלט פונם אידישן גייסט? אין וואָס באַווייזט ער זיך, מאַניפעסטירט זיך?

„אויך דער, וואָס גלויבט ניט אין דער עקזיסטענץ פון דער גאָטהייט פאַר זיך זעלבסט, קען ניט לייקענען אין איר עקזיס־טענץ אַלס אַ היסטאָריש רעאַלן כוח, און אַ נאַציאָנאַלער איד, אפילו ווען ער איז אַ פריידענקער, קען ניט זאָגן: איך האָב קיין חלק ניט אינם אידישן גאָט, אין דעם היסטאָרישן כוח, וואָס האָט אויפגעהאַלטן אונזער קיום און האָט משפיע געווען אויף די איי־גנשאַפטן פון זיין גייסט און זיין לעבנסוועג אין אַ משך פון טוי־זנטער יאָרן... „דער, וואָס פילט ניט קיין גייסטיקע נאָענטקייט צו דער „אויבערשטער וועלט", צו וועלכער אונזערע עלטערן האָבן זיך איבערגעגעבן מיט זייער גערדאַנק און האַרץ אין אַלע דורות און פון איר געשעפּט זייער מאָראַלישן כוח — קען ער זיין אַ ערליכער מענטש, אָבער קיין נאַציאָנאַלער איד איז ער ניט, אפילו, ווען ער וואוינט אין ארץ־ישראל און רעדט לשון־קודש". 6)

„דאָס זעלבע איז וועגן דער באַציאונג צו די הייליקע שריפטן. דער גלויביקער זעט אין זיי „דאָס בוך פון אַלע ביכער", די געט־ליכע אַנטפּלעקונג, וואָס ווערט ניט געמאָסטן מיט דער מאָס פון ליטעראַרישער קריטיק... אָבער אויך דער אומגלויביקער, אויב ער איז אַ נאַציאָנאַלער איד, באַציט זיך צו די הייליקע שריפטן ניט בלויז ווי צו אַ ליטעראַרישער שאַפונג, נייערט ווי צו אַ ליטעראַרישער און נאַציאָנאַלער צוזאַמען". 7)

...ווייל דער תנ"ך קען ניט פאַרגליכן ווערן צו אַנדערע ספרים, וואָס זיי פעלט דער עיקר: דער „היפּנאָז", וואָס האָט דערהויבן דעם תנ"ך צו דער מדרגה פון אַ היסטאָרישן מאָנומענט פאַר אַ געוויסער תקופה — צו דעם הויכן שטאַפּל פון אַ היסטאָ־רישער קראַפט פאַר אַלע תקופות."

---

6) דאָרטן, ע. 4. 7) דאָרטן, ע. 15־9

וואָס זיינען די גייסטיגע ווערטן, אויסער דעם תנ"ך, וואָס האָבן אויפגעהאַלטן דאָס אידישע פאָלק אויך נאָכן פארלירן פון זיין זעלבסטשטענדיקייט? לויט אחד־העם'ען זענען זיי באַשטאַנען אינם „חוט־המשולש" — דער דרייענדיקער פאָדים — די רעליגיע, די ליטעראַטור און אינם יסוד פוןביידן — די שפּראַך.

די דאָזיקע דריי גייסטיגע נאַציאָנאַלע ווערטן זענען פריער גע־ווען „באַהעפט צום באָדן", און כדי זיי זאָלן זיין פּאַסיק אריבער־צוטראָגן ווערן פון איין אָרט אין אַן אַנדערן, האָט מען געמוזט מוותר זיין אויף זייערע וואָרצלען, וואָס לאָזן זיך ניט ארויסרייסן פונם אָרט פון זייער נאַטירליכן וואוקס. די רעליגיע האָט געמוזט אויפגעבן דאָס בית־המקדש און אַלע מצוות, וואָס זענען פארבונדן מיט ארץ־ישראל, די ליטעראַטור — די לעבעדיקע פּאָעזיע, וואָס ווערט געשפּייזט פונם „פעלד־געררוך" פונם לאַנד פון אונזערע אבות, און די שפּראַך —— אויפ'ן מינדלעכן געברויך, וואָס קען ניט עקזיסטירן אין אַ פרעמדער סביבה".

* * *

ווי באַוואוסט, שטאַלצירן אַ סך אידן מיט דעם, וואָס זיי באַלאַנגען צום „עם־הספר", דאָס פאָלק פון בוך. דוכט זיך מיר, אַז מאַחמעד איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אידן אָנגע־רופן „עם־הספר".

אחד־העם אָבער באַדויערט זייער אונזער גורל, וואָס מיר זע־נען געוואָרן אַן עם־הספר, ד. ה. „ אַ שקלאַף פונם בוך", אַ פאָלק, וואָס זיין נשמה איז ארויסגעפלויגן פון זיין הארץ און איז אינ־גאַנצן פארטאָן געוואָרן אין די שריפטן". אַ פאָלק ביי וועמען „די אויפגאַבע פונם בוך איז ניט צו באַרייכערן דאָס הארץ מיט נייע כוחות, נאָר פארקערט אָפּצושוואַכן אים און אים דערנידע־ריקן ביז ער זאָל זיך ניט וואָגן צו ווירקן און באַווירקט צו ווערן פון זיינע אייגענע כוחות, נאָר אַלץ דורך דער שריפט". 8)

---

8) דאָרטן, ע. 11.

דער לאַגישער פּועל־יוצא פון דער שאַרפער קריטיק קעגן דער רבנישער ליטעראַטור, וואָס האָט דערפירט צו דער פּאַרפרירונג און פאַרשטיינערונג פונם אידישן גייסט, האָט באַדאַרפט זיין א פאָדערונג פאַר געוויסע רעפאָרמען אין דער אידישער רעליגיע און א באַנייאונג און פאַרענדערונג פון דער ליטעראַטור, וואָס זי האָט געשאַפן. דאָך טרעט אחד־העם שאַרף אַרויס קעגן די, וואָס ווילן רעפאָרמירן די אידישע רעליגיע, ווייל אויב מען גלויבט אין איר, דאַרף מען זי אָננעמען אינגאַנצן אָדער אינגאַנצן אָפּוואַרפן. אחד־העם, וואָס איז א גרויסער אָנהענגער פון דער עוואָלוציע - טעאָריע און וואָס ווייזט ריכטיק אָן אויף דעם, אז אויך די אידישע רעליגיע האָט דורכגעמאַכט געוויסע אַנטוויקלונג שטופן, איז דאָך א געגנער פון די וואָס ווילן רעפאָרמירן די אידישע רעליגיע לויטן גייסט פון אונזער צייט.

נאָך מער. אין אַן אַנדער אָרט אין דעם אַרטיקל לייענען מיר, אז „דער פּאַנאַטעאיסט (דער וואָס גלויבט, אז די גאַנצע יצירה איז איין גרויסע איינהייט, וואו אויך גאָט איז איינגעשלאָסן) פאַרערט מער די נאַטור פונם מאָנאָטעאיסט".

„דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ פונם גלויביקן אידן איז דער שטאָלץ פון אַ קנעכט, וואָס זיין האַר לאָזט אים טאָן זיין אַרבעט, רעדט מיט אים און טוט אַלע זיינע פאַרלאַנגען דורך אים; און דער שטאָלץ פונם פרייידענקערישן נאַציאָנאַליסט איז — דער שטאָלץ פון אַ פרייען מענטשן, וואָס אָנערקענט זיין אינערליכן כוח, קוקט מיט פאַרגעניגן אויף גרויסן טאַט אין דער פאַרגאַנגענהייט און גלויבט אין זיך אַליין אויך אין דער צוקונפט".

ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער פרייידענקענדער נאַציאָנאַליסט אָדער דער „פּאַנאַטעאיסט" שטייט אויף א העכערער מדרגה פונם רעליגיעזן אידן, שלעפּט אחד־העם אויך דעם פּאַנאַטעאיסט „אין בית־מדרש אַריין". דען זיי ביידע פילן: „ליבע און אַכטונג צו די גייסטיגע ווערטן פונם פאָלק און א באַגער פאַר

דעם נאציאָנאלן אויפֿלעב אויפ'ן יסוד פונם היסטאָרישן בונד צווישן „גאָט, די תורה, און פֿאָלק ישראל". 9)

מיט וואָס דערקלערט זיך די סתירה צווישן אחד־העם'ען, דער אָנהענגער פון דער עוואָלוציע טעאָריע, דער פּאָזיטיוויסט און ראַציאָנאַליסט, און אחד־העם דער מאמין אין דער אידישער רעליגיע?

אחד־העם איז געווען אַ גרויסער פאַרערער פונם רמב"ם, וואָס האָט געהאַלטן פון „שלטון השכל", די הערשאַפט פון פאַר־שטאַנד. דער רמב"ם האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז צווישן אַריסטאָטעל'ס פילאָזאָפיע און דער אידישער אמונה זענען ניטאָ קיינע סתירות. „דער רמב"ם האָט באַוויזן, אַז די אידישע אמונה און דער פאַרשטאַנד זענען אידענטיש".

דאָך ווען דעם רמב"ם האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַזעלכע עיקרים פון דער אידישער רעליגיע, וואָס זענען אין אַ סתירה צו דער גריכישער פילאָסאָפיע", ווי למשל, דער גלויבן אין משיח'ן און אין „תחית־המתים", האָט ער זיך פאַראַנקערט און פאַרפּאַנ־צערט אין דער אידישער טראַדיציע. און אין דעם פּרט קען דער רמב"ם דינען אונז פאַר אַ מוסטער, אַז אויך דער לאָגישסטער מענטש, מיט זיין גאַנצער אָנשטרענגונג צו לאָזן הערשן דעם שכל אליין איבער אַלע זיינע געדאַנקען און טאַטן — איז דאָך אוממעגליך, אַז אין די טיפענישן פון זיין הארץ זאָל זיך ניט געפינען עפּעס אַ געהיימער ווינקל וואוהין די הערשאַפט פונם שכל זאָל ניט דערגרייכן און ער זאָל זיין אוממעכטיק צו באַזיגן די „ווידערשפּעניקער", וואָס קומען פון דאָרטן אַרויס צו שטערן „די באַשטימטע אָרדנונג". 10)

הוא הדין מיט אחד־העם'ען. אויך ער האָט זיך באַמיט צו באַגרינדן די אידישע רעליגיע על פי תורת העגל, אויגוסט קאָנט און דאַרווין. ער טיילט אויך אָפּ דאָס נאַציאָנאַלע געפיל פונם

9) דאָרטן, ע. 13.

רעליגיעזן געפיל. לויט זיין לאָגיק און פארשטאַנד קומט אויס, אז דאָס נאציאָנאלע געפיל איז מער ראציאָנאל פון דעם רעליגיעזן געפיל און דעריבער שטעלט עס אחד־העם אויף א העכערער מדרגה. דאָך איז דאָס רעליגיעזע געפיל געווען ביי אים אזוי שטאַרק, אַז ער האָט ניט אָנערקענט אַלס אַ נאציאָנאַלן אידן דעם, וואָס ער אָנערקענט ניט די באדייטונג פונם אידישן גייסט אין היסטאָרישן זין און דעם נאציאָנאַל־רעליגיעזן ווערט פונם תנ"ך א. א. וו.

געוויס איז אחד־העם אין דעם פּרט ניט אויסגעהאלטן, אומ־קאָנסעקוענט. אָבער ווי זאָגט עמערסאָן — „אויך אומקאָנסע־קווענץ איז קאָנסעקווענץ". אויסער דעם ווייזט אויס, אז אחד־העם'ס רעליגיעזע געפילן זענען געווען פיל שטארקער פון זיין נאציאָנאלן געפיל און דעריבער האָבן זיי גובר געווען זיין קאלטע לאָגיק און פארשטאַנד, ווייל „אויסער דעם גרענעץ פון שכל און באַווייזע איז פאראן נאָך אַ גרויס און מעכטיק קעניגרייך און איר נאָמען איז „אמונה". 11)

*  *  *

וואָס זענען די באַזונדערע אייגנשאַפטן פונם אידישן גייסט? מיט וואָס איז אונזער כאראקטער פארשיידן פון אנדערע פעל־קער?

איינע פון די גרינטליכע יסודות פון אונזער נאציאָנאלן גייסט איז דאָס, וואָס ער גייט ניט איין לייכט אויף אַ פּשרה און האָט ניט ליב זיך אַוועקשטעלן אויף א האלבן וועג, נייערט נאָכדעם, וואָס ער האָט אָנערקענט דעם אמת פון אַ געוויסן רעיון און גע־מאכט אים פארן יסוד פון זיין טעטיקייט, גיט ער זיך איבער צו אים מיט זיין גאנצער קראפט און פּליים צו פארווירקליכן אים אין לעבן מיט אלע זיינע פּרטים, ניט מאכנדיק קיינע „הנחות" צוליב א וועלכן־עס־איז צוועק. דידאָזיקע גרינטליכע אייגנשאפט

---

10) על פרשת דרכים, חלק ד' ע. לא־לב. 11) לקט, ע. 60.

האָט אין אָנהויב, אין דער צייט פון אונזער פרייהייט, געבראכט דאָס געבורט פון דער נביאים לערע מיט איר גאנצער עקסטרע־מער מאָראַל, און נאָכדעם, אין דער פּעריאָדע פון אונזער שקלא־פעריי, האָט זי אונז געבוירן די לערע פונם תלמוד און דעם שלחן־ערוך מיט זייער גאַנצער פּראַקטישער עקסטרעמיטעט . . . „באַלד ווי אונזער פאָלק האָט זיך אוועקגעשטעלט אויפ'ן וועג פון פאר־מערונג פון מצוות, האָט ער פארמערט זיי אָהן אַ סוף, און ער האָט מער ניט מבחין געווען צווישן אַ קליינער און אַ גרויסער זאך". 12)

און אין אַן אנדער שטעלע אין דעם ארטיקל ווערט געזאָגט: „ווען צו מיר זאָל געווען קומען דער גוי, וואָס האָט זיך געוואָלט אויסלערנען די גאנצע תורה אויף איין פוס, וואָלט איך אים גע־ווען געזאָגט: „לא תעשה לך כל פסל", זאָלסט דיר ניט מאכן קיין געשניצט בילד אָדער אַ שום געשטאַלט — דאָס איז די גאַנ־צע תורה און דאָס איבריקע איז בלויז אַ פּירוש". דען די הויפּט תכונה פון דער אידישער תורה, וואָס מיט איר טיילט זי זיך אָפּ פון אנדערע תורות, איז איר אבסאָלוטע שטרעבונג אוועקצו־שטעלן די רעליגיע און עטישע עיקרים איבער יעדער באַשטימטער רעאַלער פאָרם און פאַרבינדן זי אוממיטלבאַר מיט אַן אבסטראַק־טן אידעאַל, וואָס האָט קיין געשטאַלט ניט". קענען מיר זיך דען פאָרשטעלן די קריסטליכע אמונה אָן יעזוס'ן, אָדער אפילו די מאַהמעדאַנישע רעליגיע אָן מאַהמעד'ן ? . . .

„ביי אידן איז דער אידעאַל פון אבסאָלוטער פאָלקאָמענ־הייט בלויז גאָט אליין, און בלויז אים אליין דאַרף די אינערליכע דערקענטעניש פונם מענטשן שטענדיק האָבן אינזינען, כדי צו באַהעפטן זיך מיט זיינע מידות . . .

„און די דאָזיקע אייגנשאַפט פונם אידנטום איז אפשר גע־ווען די הויפּט סיבה, וואָס האָט אָפּגעהאַלטן איר פאַרשפרייטונג

12) דאָרטן, ע. 3. 13) דאָרטן, ע. 8־7.

אויף דער וועלט: וואָס פאַרן מענטשליכן גייסט איז שווער צו געפינען א באפרידיקונג אין אן אבסטראקטן אידעאל, וואָס די חושים באנעמען אים ניט, און די הארץ־געפילן ווערן גיכער ענ־טוזיאסטיש, ווען, זיי זענען געווענדט צו אַ מענטשן". 13)

און, ווען די אומות־העולם האָבן אָנגענומען די אידישע רע־ליגיע, האָבן זיי צו איר צוגעגעבן אַלס אַ שותף אַ מענטשן...

און דאָך צווייפלט אחד־העם, צי אים האָט זיך איינגעגעבן צו דעפינירן ריכטיק די ספּעציפישע אידישע אייגנשאַפטן. אין אַן אַנדער אַרטיקל שרייבט ער: „עטנאָלאָגישע פאָרשונגען וועגן די אייגנשאַפטן פון יעדער פאָלק זענען ווי „בערג וואָס הענגען אויף אַ האָר" און האָבן ניט אויף וואָס צו שטיצן זיך". 14)

ער ווייזט אָן אויף דעם, אז אייניקע געלערנטע באהויפּטן, אז די אראבער זענען זייער פּראקטיש, בעת אנדערע געלערנטע באהויפּטן, אז די אראבער און די אידן זענען גרויסע בעלי־דמיון, און אַז זייער איינבילדונגס קראַפט איז שטענדיק שטאַר־קער ביי זיי פון זייער שׂכל.

„און אויב דאָס איז אזוי בנוגע די אייגנשאַפטן פון די אראַ־בער, וואָס וואוינען אויף אַ באַשטימטן אָרט און האָבן ניט אויס־געוואנדערט, טאָ ווער־זשע וועט וואגן צו באשטימען גענוי די אייגנשאַפטן פון א פאָלק ווי אונזערס, וואָס איז צוזייט און צו־פרייט צווישן פאַרשיידענע פעלקער אין א משך פון צוויי טויזנט יאָר?" ווער איז דאָס דער געלערנטער, וואָס זאָל גענוי אויסגע־פינען די גרעניץ צווישן די אייגנשאַפטן מיט וועלכע מיר זענען דורכגעדרונגען פונם אָנהויב פון אונזער געשיכטע (אונטערגע־שטראָכן פון מיר, א. ש.) און צווישן דידאַזיקע, וואָס זענען אנט־שטאַנען דורך די לעבנס באַדינגונגען אין גלות?..."

* * *

---

14) לאומיות וחנוך לאומי, ע. 29.

אחד־העם רעדט א סך מאָל אין זיינע שריפטן וועגן „מוסר היהדות”, די אידישע מאָראל. לײדער האָט ער ניט אָנגעוויזן גע־נוי, וואָס איז דער מהות פון דער אידישער מאָראל, וואָס איז דער אונטערשיד צווישן איר און דער מאָראל פון אנדערע פעל־קער. ער האָט אלע זיינע יאָרן זיך געקליבן צו שרייבן א ספּע־ציעל ווערק וועגן דער פראגע, אָבער ער האָט, צום באַדויערן, ניט באַוויזן דאָס צו טאָן.

אין זיין עסעי „דת ומוסר”, רעליגיע און מאָראל” ווייזט ער אָן אויף דעם, אז די מאָראל איז ניט קיין פועל יוצא, פון דער רעליגע, נאָר אנטוויקלט זיך באַזונדער, און זי באַשטימט די געטליכע אייגנשאפטן.

„געוועזן א צייט, למשל, וואָס גאָט האָט הארט געמאכט פּרעה'ס הארץ, כדי צו ברענגען אויף אים מכות: ווייל דאָס מאָראלישע געפיל איז יעמאָלט נאָך ניט געוועזן גענוג ענטוויקלט צו פאר־שטיין, אַז א זינדיקער דארף ניט באַשטראָפט ווערן, סיידן ער האָט דעם פארברעך באַגאַנגען מיט זיין פרייען ווילן”. אין די שפּעטערדיקע דורות אָבער, ווען אידישע געלערנטע זענען גע־קומען צו דער איבערצייגונג, אַז לויט דעם ספּור־המעשה אין דער תורה, האָט פּרעה ניט בעדארפט באַשטראָפט ווערן, האָבן זיי געמוזט זוכן פארשיידענע תירוצים, כדי צו באַרעכטיקן זיין שטראָף”.

אחד־העם האַלט, אז ניט קוקנדיג אויף דעם, וואָס ס'זענען פאַראנען אייניקע גרינטלעכע מאָראלישע כללים, וואָס זענען אָנ־גענומען ביי אלע קולטורעלע פעלקער, דאַך האָט יעדעס פאָלק א באַזונדערע מאָראל, צוגעפאסט צו די אייגנשאפטן פון זיין נאציאָנאלן גייסט און דעם גאנג פון זיין היסטאָרישן לעבן.

אזוי ווי דאָס אידישע פאָלק איז אלעמאָל געוועזן אן „אָפּ־זונדערט פאָלק”, אָפּגעטיילט פון אלע פעלקער מיט'ן גאנג פון זיין אנטוויקלונג און זיין וואונדערליכן לעבן פון פארצייטן ביז איצט, איז געוויס אוממעגליך, אז עס זאָל ניט באַזיצן קיין באַ־

זונדערע נאציאָנאַלע מאָראַל, וואָס איז באַגרינדעט אויף זיינע גייסטיקע אייגנשאַפטן, אויף זיין היסטאָריש לעבן אין דער פאַר־גאַנגענהייט און אויף זיין לאַגע און זיינע באַדערפעניש אין דער געגנוואַרט". 15)

ווי באַמערקט האָט אחד־העם, לײדער, ניט באַוויזן צו שרייבן א באַזונדער ארבעט וועגן דעם ענין און דעריבער קענען מיר ניט אורטיילן, צי זיין היפּאָטעזע וועגן דער אידישער באַזונדע־רער נאַציאָנאַלער מאָראַל איז ריכטיק.

* * *

אחד־העם איז באַוואוסט אַלס דער קעמפער און פרעדיקער פונם קולטורעלן ציוניזם, פונם רעיון, אַז אין ארץישראל זאָל געשאפן ווערן אַ גייסטיקער צענטער. וואָס־זשע איז אַזוינס דער גייסטיקער צענטער?

„ווען מיר זאָגן: „אין ארץ־ישראל קענען מיר און דאַרפן גרינדן אַ נאציאָנאלן און גייסטיקן צענטער — מיינען מיר מיט דעם אָט־וואָס: א נאציאָנאלער צענטער" — דערפון איז געדרונ־גען, אַז ס'איז פאַראַן אַ נאציאָנאלער היקף, א קרייז, וואָס אַזוי ווי יעדער קרייז, איז ער א סך גרעסער פונם צענטער, דאָס הייסט, אַז דער שרייבער זעט זיין פאָלק אויך אין דער צוקונפט צוזייט און צושפּרייט אין אַלע לענדער, אָבער ניט אין באַזונדערע ישו־בים אָהן אַ פאַרבינדונג צווישן זיי, ווייל איינער פון די ישובים — דער ארץ־ישראל'דיקער — וועט זיין דער צענטער פאַר אַלע־מען און באַהעפטן זיי אין איין גאַנצן קרייז...

„א גייסטיקער" — מיינט, אַז די באַציהונגען פונם צענטער און דעם קרייז, צווישן ארץ־ישראל און די גלות לענדער וועט זיין באַגרענעצט בלויז אויפ'ן גייסטיקן לעבן. די השפּעה פונם „צענטער" וועט שטאַרקן דאָס באַוואוסטזיין אין גלות, וועט

15) דאָרטן, ז. 18־17.

אראָפּווישן פון די גייסטער דעם גלות׳דיקן שפלות־געפיל און וועט אָנפילן דאָס גייסטיקע לעבן מיט אן אמת׳דיקן און נאטיר־ליך נאציאָנאלן אינהאלט.״ 16)

וואָס איז נוגע אָבער דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן אין די גלות־לענדער, אין דער הינזיכט קען דער צענטער וויניק משפיע זיין, כאָטש ער גלויבט, אז דער אידישער נאציאָנא־לער רענעסאנס וועט געוויסערמאסן פארשטארקן די פּאָזיציע פון אידן אין די גלות לענדער.

*   *   *

די פּאָליטישע ציוניסטן האָבן אלעמאָל באשולדיקט אחד־העם׳ען, אז פאר אים איז וויכטיק בלויז די שאפונג פון א גייס־טיקן צענטער אין ארץ־ישראל, וואָס קען געשאפן ווערן אויך אָהן א אידישער מערהייט אין ארץ־ישראל. מעגליך, אז איינינע פון זיינע קעגנער האָבן מיט א כיוון דערפירט זיין טעאָריע ביז צו אן אבסורד, צו אן אומזין, אז ער וויל שאפן א קולטור־צענ־טער אָהן אן עקאָנאָמישן באזיס.

דער אמת אָבער איז, אז אויך אחד־העם האָט געהאלטן, אז דער גייסטיקער צענטער קען האָבן א קיום אין ארץ־ישראל בלויז דאן, ווען אידן וועלן זיין א מערהייט אין לאנד.

„אויך „חבת־ציון״ ניט ווינציקער פונם „ציוניזם״ שטרעבט צו א אידישער מדינה און גלויבט אין דער מעגליכקייט פון איר גרינדונג אין דער צוקונפט... „דער „ציוניזם״ הייבט אָן זיין ארבעט פון דער שטאטס פּראָפּאָגאנדע, און „חבת־ציון״ פון דער נאציאָנאלער קולטור, וואָס נאָר דורך איר און צוליב איר קען די מדינה געגרינדעט ווערן אויף אזא אופן, וואָס איז ווינשנס־ווערט און נוצליך פארן גייסט פונם פאָלק״. 17)

דער אונטערשיד צווישן אחד־העם׳ען און די פּאָליטישע ציו־

16) דאָרטן, ע. 44.

17) דאָרטן, ע. 73. 18) דאָרטן, ע. 48־47.

ניסטן איז באשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס די ערשטע האָבן גע־גלויבט, אַז אָהן פּאָליטישע גאַראַנטיעס קען מען ניט אָנהויבן די קאָלאָניזאַציע פונם לאַנד, בעת אחד־העם האָט געהאַלטן, אַז דורך שטופּנווייזער קאָלאָניזאַציע וועלן מיר מיט דער צייט ווערן א רוב אין ארץ־ישראל.

וואָס איז נוגע דער פראַגע, צי מיר קענען ערוואַרטן, אַז די מערהייט פונם אידישן פּאָלק זאָל זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל, האָבן די פּאָליטישע ציוניסטן ניט געגעבן אויף דעם קיין קלאָרן ענטפער (וואַרשיינלעך דערפאַר, וואָס ס׳לוינט זיך ניט פאַר פּאָ־ליטיקער צו רעדן קלאָרע דיבורים).

דער גראַדלינקער אחד־העם אָבער זאָגט אַרויס זיין מיינונג קלאָר און דייטלעך וועגן דער פראַגע: „די האָפנונג פאַר א „קיבוץ־גליות" (אין ארץ־ישראל) האָט ניט קיין גרונט אין דער ווירק־לעכקייט, און אויך אין דער נאָענטער צוקונפט, ווען דער אידי־שער ישוב אין ארץ ישראל וועט שטייגן צו דער העכסטער שטו־פע און די זין פון אונזער פאָלק וועלן זיך פרוכפּערן און מערן דאָרטן און וועלן אָנפילן דאָס לאַנד און באַזיגן עס מיט זייער אר־בעט — אויך דאַמאָלט וועט די מערהייט פון פאָלק זיין צושפּרייט אין פרעמדע לענדער און זיין לעבן אין די דאָזיקע לענדער וועט אויך דאַן זיין אָפּהענגיק פון די פעלקער, וואו ער וואוינט און ווערט בטל צווישן זייער מערהייט... דען פון ארץ־ישראל וועט ניט אַרויסקומען קיין קריגס־פלאָט צו באַשיצן אידן אין א נויט..." 18)

* * *

שוין אַריבער אַ האַלבער־יאָרהונדערט טיילט אונז אָפּ פון דער צייט, וואָס אחד־העם האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשטן אַרטיקל — „לא זו הדרך" (המליץ" 1889), אין וועלכן ער מערקט־אָן די הויפּט־יסודות פון זיין ציוניסטישער לערע.

מיר קענען דעריבער איצט, אין רעטראָספּעקט, א בליק טאָן

אויף זיין לערע און אויסגעפינען, צי זי איז געווען אַ תורת חיים", אַ לעבנס־לערע.

„ניטאָ קיין נייעס אונטער דער זון". נאָענט צום צווייטן חורבן האָט ר' יוחנן בן זכאי געבעטן ביים רוימישן קריגס־פירער וועספּאַסיאַנוס: „ערלויב מיר זיך צו באַזעצן מיט מיינע תלמידים אין דער שטאָט „יבנה" און גרינדן דאָרט אַ ישיבה", וועספּאַסיאַנוס האָט באַוויליקט די בקשה. די זעלאָטן, די עקסטרעמע פּאַרטיי צווישן אידן, זענען ניט צופרידן געווען מיט ר' יוחנן'ס טאַט און געוויס האָבן זיי אים געהאַלטן פאַר אַ פאַררעטער.

דאָך איז איצט קלאָר פאַר יעדן אַז ר' יוחנן איז געווען דער, וואָס האָט אָפּגעהיט דעם „נר תמיד", דאָס אייביקע אידישע ליכט, די אידישע תורה, וואָס איז געווען שטאַרקער פון די קעמפער.

וואָס איז שייך אחד־העם'ס קאַמף פאַר דער שאַפונג פון אַ גייסטיקן צענטער אין ארץ־ישראל, דענק איך, אַז ער איז געגאַנגען אין די פוסטריט פון ר' יוחנן. אויך ער האָט געזען, אַז „שכינתא בגלותא", די אידישע קולטור ווערט פאַרשוועכט פון די אַסימילאַציע כוואַליעס, און דעריבער האָט ער זיך באַמיט צו שאַפן אַ דאַמבע אין ארץ־ישראל, כדי אָפּצושטעלן דעם אַסימילאַציאָנס שטראָם. און זיין אַרבעט איז אין אַ געוויסער מאָס געקרוינט געוואָרן מיט ערפאָלג.

דער אויפלעב פון העברעאיש, די העברעאישע שולן און דער העברעאישער אוניווערסיטעט, די אַנטוויקלונג פון דער העברעאישער ליטעראַטור, זענען רינגען אין דער גאָלדערנער קייט פונם צוקינפטיקן גייסטיקן צענטער. ארץ־ישראל האָט אויך אַ גרויסע קולטור השפעה אויף די גלות לענדער, באַזונדערס אויף די יוגענטליכע, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג.

דער איינציקער טעות, וואָס ער האָט געמאַכט, לויט מיין

מיינונג, און אויך לויט אנדערע מפרשים זיינע, באשטייט אָט אין וואָס: ער האָט געגלויבט, אז „ניט פון דעם המון, פון די מאסן, קענען מיר פאָדערן, און ניט אויף זיי קענען מיר זיך פארלאָזן, אז זיי זאָלן באנען אַ וועג פאר דעם רעיון (פונם גייס־טיקן צענטער) אָפּפערנדיק זיך פאר אים. דאָס וועלן טאָן די כהנים, וואָס האָבן דעם כוח און די מאָראַלישע קראפט, וואָס פאָדערט זיך פאר דעם, און דאָס פאָלק וועט קומען נאָכדעם, ווען דער וועג וועט שוין זיין פאָרבארייט". 19)

ובכן, קומט אויס, אַז די כהנים, די אידעאַליסטן, די איבערגע־געבענע אידישע נאציאָנאַליסטן וועלן שאפן דעם גייסטיקן צענ־טער אין ארץ־ישראל און די די מאסן וועלן זיי נאָכפאָלגן. אחד־העם האָט אָבער, לײַדער, ניט גענומען אין באטראַכט, אז אויב דער ישוב וועט באשטיין פון פארשיידענע קלאסן, פון רייכע און אָרימע, פון מענטשן, וואָס האָבן ניט גענוג חיונה און פון אַזעלכע, וואָס לעבן אין לוקסוס, בקיצור, פון אַ קאפּיטאַליסטי־שער געזעלשאפט, דאן וועט אין ארץ־ישראל געשאפן ווערן אַ טעכנישע קולטור, אָבער ניט קיין עטישע קולטור אין גייסט פון אונזערע נביאים, וואָס האָבן, בשעתם, זייער שארף פּראָטעס־טירט קעגן דידאָזיקע איבלען.

ער איז פאָלשטענדיק גערעכט געווען אין זיין קאמף קעגן דעם גאָטלאָזן און אוממענטשליכן מארקסיזם, וואָס ווערט איצט אויפ׳ן אָפּשייליכסטן און בארבארישסטן אופן פראקטיצירט אין אין רוסלאנד. איך פארשטיי אויך זיין אנטריסטונג קעגן די ארץ־ישראל׳דיקע ארבעטער, וואָס האָבן אויסגעריסן בוימער, וואָס זענען פארפלאנצט געוואָרן פון אראבישע ארבעטער...

פון דער אנדערער זייט אָבער האָט ער באדארפט באגרייפן, אז דער „גייסטיקער צענטער" וועט זיך ניט אנטוויקלען אין אַ לאנד, וואָס באשטייט פון „בועזים", וואָס באשעפטיקן אראַ־

19) דאָרטן, ע. 40.

בישע ארבעטער פאר א הונגער־לוין, פון לענדלאָרדס, פאברי־קאַנטן וכדומה, וואָס זייער קולטור און גייסט באשטייט אין דינען דעם גאָלדענעם קאלב.

ווי האָט דער פארשטאָרבענער דר. נ. סירקין געזאָגט: „אז מען בויט אויס אַ נייעם האָטעל, שטעלט מען ניט אהין אריין די אלטע בעטלאך מיט די וואנצן, נאָר שפּאָגל נייע זוויבערע בעטלאך". אין ארץ־ישראל, האָט סירקין געזאָגט, וועלן מיר ניט דערלאָזן, אַז אידן זאָלן דאָרטן זיין שאכער־מאכערס ווי אין די גלות לענדער. מיר מוזן אין ארץ־ישראל אויסבויען אַ סאָ־ציאליסטישע געזעלשאפט אויף די יסודות פון צדק און יושר פאר אלעמען.

אויך דער גרויסער ארבעטער פירער א. ד. גאָרדאָן, וואָס איז אין זיינע יונגע יאָרן געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון אחד־העם'ען, איז שפּעטער געווען זיינער א קעגנער דערפאר וואָס אחד־העם האָט געשטיצט (געגנויער, ניט געטאדעלט) די אידישע „בועזים", וואָס האָבן באשעפטיקט אראבישע ארבעטער ניט צוליב הומאניטארישע טעמים, נאָר דערפאר, וואָס זיי ארבעטן פאר א הונגער־לוין.

גערעכט איז דעריבער געווען א. ד. גאָרדאָן, וואָס האָט אָנ־געוויזען אויף דעם, אַז דער הויפּט צוועק פונם ציוניזם דארף זיין צו פארוואנדלען דאָס אידישע פאָלק אין אן ארבעטאריש פאָלק און בלויז דאן וועט פאָרקומען דער גייסטיקער רענעסאנס פונם אידישן פאָלק.

מיט אחד־העם'ען אָבער האָט פאסירט דאָס וואָס ער רופט אָן — „התרכזות הרוח", די קאָנצענטרירונג פונם גייסט. זיין געדאנק איז אויף אזוי פיל געווען פארנומען מיטן גייסטיקן צענטער, אז ער האָט אזש פארגעסן, אַז די כהנים לעבן ניט אין א וואקאאום, אין א ליידיקן חלל, אז דער גייסט קען ניט עקזיס־טירן אָהן דעם חומר.

אלענפאלס, די טעטיקייט פון די ציוניסטן, אָנהויבנדיק פון

די בילויצעס ביז איצט האָט פיעל מער אויפגעטאָן פאר דער שאַפונג פונם גייסטיקן צענטער, ווי פאר דער שאַפונג פונם אידן־שטאַט אין דער פּאָרם, ווי הערצל האָט זיך אים פאָרגעשטעלט...

אויסער דער גרויסער צאָל ארטיקלען, וואָס אחד־העם האָט געשריבן וועגן דער שאפונג פונם גייסטיקן צענטער, האָט ער אויך פארפאסט א סך גלענצנדע גייסטרייכע עסעיען, ווי „חקוי והתבוללות" „עבדות בתוך חרות" „משה" א. אנד., וואָס זענען סאי לויט זייער פאָרם סאי לויט זייער אינהאלט פערלען אין דער העברעאישער ליטעראטור.

אחד העם איז געוועזן פון די אויסדערוויילטע שרייבער, וואָס האָט אלעמאָל געפּרעדיקט דאָס וואָס ער האָט געטאָן און געטאָן, וואָס ער האָט געפרעדיקט. ער איז געוועזן א שרייבער ניט נאָר פאר'ן „קורא נכבד", פאר'ן געערטן לייענער, נאָר אויך פאר די גרעסטע שרייבער פון זיין דור, וואָס האָבן זייער פיעל געלערנט פון אים...

אויסער דעם איז ער געוועזן א באדייטנדע פערזענליכקייט, אפשר דער איינציקער „דזשענטלמאן", אין בעסטן זין פון דעם וואָרט, צווישן די העברעאישע שרייבער.

ג.

# זיין באציהונג צו דער העברעאישער ליטעראטור און צו די שרייבער פון זיין דור

עס זענען פאראן, כידוע, פראפעסיאנאלע שרייבער, ביי וועל־כע דאס שרייבן איז א מוז, א נויטווענדיקע פונקציע אין זייער לעבן. זיי ווען זיך ניט אפשטעלן צו ברענגען די גרעסטע קרבנות, כדי צו פארעפנטליכן זייערע שאפונגען.

פון דער אנדערער זייט זענען פאראן שרייבער־מיטלויפער, געסט אין דער ליטעראטור, וואס שרייבן בלויז פון צייט־צו צייט, צוליב א געוויסן צוועק, און זיי פארשווינדן פון דער ליטע־ראַרישער ארענע אזוי פלוצים ווי זיי האבן זיך באוויזן, נאכדעם וואס זיי האבן „באפרידיקט” זייער צופעליקן צוועק אדער קאפריז.

געוויינטלעך קוקן פראפעסיאנעלע שרייבער פון אויבן אראפ אויף ניט־פראפעסיאנאלע שרייבער, אזוי ווי פראפעסיאנאלע שוישפילער באציען זיך צו אמאטארן.

אבער נישט זעלטן זענען ניט־פראפעסיאנאלע שרייבער קרעפ־טיקער און אריגענעלער פון פראפעסיאנאלע שרייבער, וואס קומען אין אנהויב ארויס מיט אן אריגענעל ווארט, און מיט דער צייט קאפירן זיי זיך אליין. אויסער דעם דארף מען נעמען אין בא־טראכט, אז דער וועג פון א פראפעסיאנאלן שרייבער איז זייער א גליטשיקער, ווען ער ציט זיין חיונה פון דער פען... זייער ווינציק איז די צאל שרייבער, וואס קענען זאגן — „וואויל איז צו מיין עלטער, וואס האט ניט פארשעמט מיין יוגנט”...

אלענפאלס אזוי ווי די פראגע איז זייער א פארפלאנטערטע

וועל איך איצט באַנוגענען זיך בלויז מיט דער באמערקונג. דער עיקר וואָס איך וויל דאָ זאָגן איז אָט־וואָס:

וואָס איז נוגע אחד־העם׳ן איז „כשמו כן הוא", ער האָט זיך באצייכנט אַלס „איינער פון פאָלק" ניט צוליב עניוות נאָר דער־פאַר, וואָס ער האָט געקוקט אויף זיך ווי אויף אן אורח, אַ גאסט אין דער ליטעראטור, וואו ער דערשיינט צייטנווייז צוליב אַ גע־וויסער מיסיע און נאָכדעם פארשווינדט ער.

זיין באציהונג צו פּראָפעסיאָנעלע שרייבער זעט מען בולט אין זיין בריוו צום שרייבער לובעסקי וועמען ער שרייבט: „עס טוט מיר זייער לייד, וואָס דו האָסט באַשלאָסן צו מאכן די העב־רעאישע ליטעראטור פאר דיין פּראָפעסיע... זייער ווינציק טאַ־לאנטירטע שרייבער זענען פאראן צווישן אונזערע שרייבער, און, אויב דאָס ביסל שרייבער וועט מאכן די ליטעראטור בלויז פאר אַ גראָבאייזן צום גראָבן... וואָס זשע קענען מיר דאמאָלט דער־ווארטן? אויב דו האָסט נאָך עפּעס א מעגליכקייט צו ענדערן דיין באשלוס, וואָלט איך דיר געזאָגט, שינד אָפּ אַ נבילה אין מארק, און זיי ניט קיין שרייבער, וואָס טוט שווארצע ארבעט".

כאראקטעריסטיש אין דער הינזיכט איז אויך זיין בריוו צו ראווניצקין: „איך בין ניט קיין שרייבער פון „גאָטס גנאָד", וואָס זעצט זיך אוועק צום טיש, ווען דער גייסט רוט אויף אים", און שרייבט, און שרייבט אזוי ווי ׳א קוואל וואָס שפּרודלט. מיטן שוויים פון מיין פּנים און מיט גייסטיקע אָנשטרענגונגען שרייב איך... איך וויל בשום אופן ניט דערלאָזן, אז די לייענער און די קריטיקער זאָלן זאָגן: „אחד־העם איז איצט שוואך. איך האָף אז דו וועסט מיך ניט באַשולדיקן דערפאר, וואָס מיין ליטערא־רישע ערע איז ביי מיר טייער, באזונדערס דערפאר, וואָס אין דעם קומט אריין אַ מער „דינערע" עטישע זייט: איך וויל ניט אַז מ׳זאָל אויך וועגן מיר זאָגן, אז דער „שורש" פון זיין נשמה איז געווען די „מטבע" און, ווען ס׳זענען קיין מטבעות נישטאָ, איז ער גייסטיק אָפּגעשאוואכט געוואָרן". (עס האָט זיך דאן גע־

האנדלט וועגן א שוואכן ארטיקל, וואָס אחד־העם האָט ניט גע־וואָלט שיקן ראוויניצקין).

„אַלע מיינע יאָרן בין איך געווען א צוויי־פּנימדיקער. געוויסע שטונדן יעדן טאָג פלעג איך זיך פארנעמען מיט פּוסטע עולם־הזה׳דיקע זאכן און נאָכדעם, ווען איך בין אהיים געקומען, ווען איך האָב זיך צווירקגעקערט צו מיין צימער, צו מיינע ביכער און צו מיין טיש, בין איך איך פארוואנדלט געוואָרן אין אן אנדער מענטש און בייַ זיך אויסגעזעען אזוי ווי א כהן־גדול, וואָס פּראוועט די עבודה אין קדשי־קדשים; דען מיין ארבייט אין דער ליטעראַ־טור און אין געזעלשאפטליכע ענינים איז בייַ מיר שטענדיק גע־ווען הייליק, און מיט מיין גאנצן כוח האָב איך זיך געפליסט צו ארבעטן אין מיין טעמפּל מיט קדושה און טהרה״.

דער דאָזיקער אויסגעצייכנטער פּאַסוס ווייזט אונז, אַז אחד־העם האָט ניט געקוקט אויף זיך ווי אויף א פּראָפעסיאָנאלן שרייַ־בער. ער איז געווען גרייט צו טאָן פארשידענע פּשוטע ארבעטן און בשום אופן ניט געוואָלט זיך דערנערן פון ליטעראַרישער ארבייט.

פון דער אנדערער זייט אָבער איז זיין שרייבן געווען בייַ אים, ווי בייַ די פארצייטיקע שרייבער „א מלאכת הקודש״, א הייליקע ארבעט, וואָס דאַרף געטאָן ווערן בקדושה ובטהרה״, און ווען די ארבעט איז געענדיקט געוואָרן איז ער געווען אין דער בחינה פון יענעם נביא וועגן וועלכן עס ווערט געזאָגט: ענדיק דיין נביאות און גיי אוועק״.

וואָס איז נוגע אנדערע שרייבער פון זיין דור האָט ער, מיט אייניקע אויסנאמען, קנאַפּ געהאַלטן פון זיי. קודם כל דערפאַר, וואָס ער האָט געהאַלטן, אז די מערהייט פון די שרייבער זענען טאַלאַנטלאָזיקייטן. „מיר האָבן כמעט ניט קיין ליטעראַטור און ניט קיין שרייבער און אויך ניט קיין קולטורעלע מענטשן, וואָס ווייסן ווי אזוי אָנצושרייבן צוויי־דריי זייטן, ווי געהעריק. ד. ה., אז אויך אין אַן אנדער שפּראַך וואָלט דאָס געווען ווי געהע־

ריק״... און ניט נאָר דאָס, נאָר וויפיל ווינציק זיי קענען און פארשטיין אזוי גרויס איז זייער שטאָלץ. די מערסטע פון זיי (אין דער הינזיכט איז פאראן אַ מינדערהייט, אָן אויסנאַם) האַלטן יעדע פּוסטע פראַזע, וואָס זייער פען טינטלט, יעדע אומ־זיניקע בדחנות, פאר א גאנצער תורה, וואָס דער, וואָס רירט זי אָן איז געגיליכן צו דעם, וואָס מאכט חרוב אַ גאנצע וועלט״.

טעמים. ער שרייבט א סאך מאָל מיט סאַרקאזם אין זיינע בריוו
טעמים. ער שרייבט א סאך מאָל מיט סאַרקאזם אין זיינע בריוו
וועגן פּראָפעסיאָנעלע שרייבער, צו וועמענס וואָרט און הבטחות ער האָט ניט קיין צוטרוי. ער ווייזט אויך אָן אויף דעם, אז שרייבער זענען גרייט צו פארקויפן די בכורה פאר טעפל לינזן.

ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אז ראובן בריינין נעמט אויף זיך איבערצוזעצן „די נייע געטאָ״ פון דר. הערצל אין העברע־איש, האָט אחד־העם געשריבן מיט גרויס ענטריסטונג: „וועגן „די נייע געטאָ״ פארשטייט איר (ד. ה. די פארוואלטער פון פאר־לאג „אחיאסף״) דען ניט, וואָס פאר אַ גרויסע שאנדע עס איז אַרויסצוגעבן אַ בוך, וואָס דער איבערזעצער אליין רעכנט עס, פאר א שמאטע. אזא זאך איז מיינע אויגן א סאָרט (ענטשול־דיקט מיר פאר דעם אויסדרוק) ליטעראַרישע פּראָסטיטוציע״.

ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז יהל״ל האָלט זיין, אחד־העמ׳ס, פארענטפערונג פאַר ניט פארעפנטליכן זיין אַרטיקל, פאר פאלש, שרייבט ער צו א. א. ליובארסקין: „ווען דו וועסט אים (יהל״לן) זען א צווייט מאָל, ערקלער אים, אז איך בין געוואָרן א שרייבער ביי אידן כמעט אין מיינע מיטעלע יאָרן און א רע־דאקטאָר — נאָך שפּעטער, און דעריבער באַזיץ איך ניט די זיטן פון אידישע שרייבער״.

וועגן דר. קאנטאָר׳ן שרייבט ער: „אַזוי ווי ער איז אַ שריי־בער נאָך פון זיינע יונגע יאָרן, דעריבער דארף מען זיך ניט וואונדערן, וואָס ער האָט ביז איצט קיין וואָרט ניט געהאלטן״.

ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אז ד. פרישמאַן איז געוואָרן

דער רעדאקטאָר פונם „הדור" איז ער שטארק אויפגעבראכט גע־וואָרן קעגן דעם, וואָס פרישמאן דער אנטי־ציוניסט, האָט אויף זיך גענומען צו רעדאגירן א ציוניסטישע צייטשריפט.

אינטערעסאנט איז זיין טרעפליכע באמערקונג וועגן „הדור": אלס א „גאזעטע" איז ער צו ליטערעריש, און אלס א ליטערא־רישע צייטונג, איז ער צופיל „גאזעטע".

* * *

ווען איך האָב געוואוינט אין תל־אביב האָב איך א סך מאָל באזוכט אחד־העם'ס ארבעטס צימער, וואו ס'געפינט זיך זיין ביבליאָטעק. אויף וויפיל איך געדענק, באשטייט זיין ביבליאטעק פון העברעאישע ספרים און אויך ביכער אין אנדערע שפראכן, מערסטנס וויסנשאפטליכע ווערק, און זייער ווייניק בעלעטע־רישע ווערק. דאָס באווייזט, אז ער האָט זיך ווינציק אינטערע־סירט מיט דער „שיינער ליטעראטור".

אויך אין זיין אויטאָביאָגראפיע שרייבט ער, אז כאָטש דאָס דארף, וואו ער איז אויפגעוואקסן און דערצויגן געוואָרן איז גע־ווען אויסערגעוויינליך שיין, האָט ער ווינציק זיך אינטערעסירט מיט דער שיינקייט פון דער ארומיקער נאטור.

עס איז דעריבער פארשטענדליך זיין נעגאטיווע באציהונג צו אייניקע העברעאישע און אידישע שרייבער און דיכטער פון זיין צייט. דען זיין בליק אויף ליטעראטור איז געווען, אז זי דארף זיין דידאקטיש, מוסר־השכלדיק, אז דער עיקר איז דער אינהאלט און ניט די שיינע פאָרם, דער סטיל. ער איז געווען באאיינפלוסט פון פיסארעוו'ן און פון אנדערע רוסישע קריטי־קער, וואָס האָבן געהאלטן אזוי ווי באזאראָוו (איינער פון טור־געניעווס העלדן), אז „א פאָר שטיוול זענען וויכטיגער פון רא־פאעלס מאדאנע". דער אונטערשיד צווישן אים און די דאָזיקע קריטיקער איז געווען דאָס, וואָס אחד־העם האָט געהאלטן, אז די ליטעראטור דארף דינען ניט דעם חומר, נאָר דעם גייסט.

מיט אנדערע ווערטער, ביי אים איז עסטעטיק געווען פארבונדן מיט עטיק, אָן וועלכער די ליטעראטור האָט קיין באדייט ניט.

אָט־וואָס אחד־העם שרייבט וועגן דעם ענין: „דער חסרון איז ניט די שפראך אָרעמקייט, וואָס פאָדערט אויסבעסערונג, נאָר די גייסטיקע אָרעמקייט אין דער ליטעראטור. און די דאָזיקע אָרעמקייט קען ניט פארדעקן אויך אַ שיינע שאפונג, וואָס פאר־קערפערט דאָס לעבן ווי עס איז, לויט אלע עסטעטישע געזעצן. דער אידישער לייענער, וואָס האָט אַ אידישן געשמאַק, וועט געוויס פרעגן וועגן יעדן בוך, ווי זיין פאָרם זאָל ניט זיין: „מאי קא משמע לן", וואָס לאָזט ער מיך הערן? און, אויב ער געפינט ניט קיין ענטפער אויף דער דאָזיקער פראגע, וועט ער ווירקליך זיין צופרידן פון דער שיינער ארבעט, ער וועט אויך לויבן „די קונסט" פונם מחבר, אָבער אין דער טיפעניש פון הארץ פילט ער ניט קיין „התבטלות" פארן כבוד און דערהויבנהייט פון דער ארבעט, אויב ער זעט ניט אין איר אויך חכמה. דעריבער קען אויך די העברעאישע ליטעראטור זיך ניט דערהויבן צו דער כבוד־שטופע, וואָס קומט איר און דורך דעם אויך דערהויבן די שפראך מיט איר צוזאמען, כל זמן אונזערע דערציילער (דאָס הייסט, די געציילטע, וואָס קענען אָנגערופן ווערן מיט דעם נאָ־מען) וועלן ניט נעמען אין אכט דידאָזיקע אייגנשאפט פון אונזער פאָלק, וואָס איז אין אים איינגעוואָרצלט דורך זיין היסטאָרישן לעבנסגאנג, און זיי וועלן אויפהערן באנוגענען זיך בלויז מיט זייערע באמיהונגען, אז דאָס בילד זעלבסט זאָל זיין שיין און אמתדיק, נאָר זיי וועלן זיך אויך באמיהען, אז עס זאָל באפריי־דיקן אויך דאָס אבסטראקטע דענקען".

מיט דעם דערקלערט זיך זיין גרינשעצונג פון באוואוסטע אידישע שרייבער אין יענער צייט, ווייל זייערע שריפטן זענען ניט געווען גענוג באלערנדיק, האָבן ניט ענטהאלטן קיינע וויכ־טיקע רעיונות און אידעען. אין אַ בריוו צו ראווניצקין שרייבט ער: „באמת וועל איך דיר זאָגן, אז איך וואונדער זיך זייער, צי

דאָס פאָלק וועט גערן לייענען די זאכן, וואָס דו פארעפנטליכסט אין „דער יוד" (א ציוניסטישע צייטונג, וואָס אין דאן רעדאגירט געוואָרן פון ראווניצקין). רבי מענדעלע און בן־עמי שרייבן פאר „ראפינירטע אינטעליגענטן", אויך פרץ מיט זיינע רמזים איז פארשטענדליך בלויז אונז. און שלום עליכם רעדט צום פאָלק מיט זיין שפּראך און לויט זיין געשמאק, אָבער דערווייל איז נאָך ניט פאראן אין זיינע רייד קיין שום רעיון, אויסער שיינע בדחנות. אפשר וועט נאָך קומען עפּעס אַ רעיון אינם „המשך", און בכלל אפשר וועט די פאָרזעצונג ענדערן מיין מיינונג".

וואָס איז נוגע די העברעאישע שרייבער קריטיקט ער אָפּט מ. י. בערדיטשעווסקין, וואָס איז געווען זיין אידעאישער־געגנער. אחד־העם האָט אויך ניט געהאלטן פון זיינע בעלעטריסטישע שאַפונגען. ער שרייבט וועגן בערדיטשעווסקין: „דאָס ארטיקל פון ב. איז וואונדערלאך „מיט זיין קונסט", אָבער די קונסט איז אין דער בחינה פון „טאַנצן אויף אַ שטריק". עס זענען אין אים פאראן כמעט גאנצע עמודים, וואָס, ווען מ'זעצט זיי איבער אין אן אייראָפּעאישע שפּראך, וואָלט דער מחבר אליין געשעמט זיך צו הערן זיי".

צווישן די שרייבער פון זיין דור זענען געווען בלויז געציילטע, וועלכע ער האָט געאַכטעט און געשעצט, ווי, למשל, מענדעלען. ווארשיינליך דערפאר, וואָס זיינע ווערק האָבן אלמאָל אנטהאלטן אין זיך אַ געוויסן מוסר־השכל, אַ געוויסן רעיון און אן אלעגארישן משל. אָט־וואָס אחד־העם שרייבט אין איינעם פון זיינע בריוו וועגן מענדעלען, וועמען ער באקרוינט אלס „דער ליב צווישן די אידישע שרייבער": „וואָס איז ר' מענדעלע געווען צו אונזער ליטעראטור און צו אונזער פאָלק? ניט אין איין בריוו קען מען ענטפערן אויף דער פראגע. ווי אן אמת'ער קינסטלער איז זיין נשמה געווען צונויפגעשטעלט פון פארשידענע נייגונגען און געפילן זייער דינע, וואָס האָבן צייטנווייז אויסגעזען ווי היפּוכ'דיקע איינע צו די אנדערע... אָט האָט

ניסטן איז באשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס די ערשטע האָבן גע־
גלויבט, אַז אָהן פּאָליטישע גאַראַנטיעס קען מען ניט אָנהויבן
די קאָלאָניזאַציע פונם לאַנד, בעת אחד־העם האָט געהאַלטן, אַז
דורך שטופּנווייזער קאָלאָניזאַציע וועלן מיר מיט דער צייט ווערן
א רוב אין ארץ־ישראל.

וואָס איז נוגע דער פראַגע, צי מיר קענען ערוואַרטן, אַז די
מערהייט פונם אידישן פאָלק זאָל זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל,
האָבן די פּאָליטישע ציוניסטן ניט געגעבן אויף דעם קיין קלאָרן
ענטפער (וואַרשיינליך דערפאַר, וואָס ס'לוינט זיך ניט פאַר פּאָ־
ליטיקער צו רעדן קלאָרע דיבורים).

דער גראַדלינקער אחד־העם אָבער זאָגט אַרויס זיין מיינונג
קלאָר און דייטליך וועגן דער פראַגע: „די האָפענונג פאַר א „קי־
בוץ־גליות" (אין ארץ־ישראל) האָט ניט קיין גרונט אין דער ווירק־
ליכקייט, און אויך אין דער נאָענטער צוקונפט, ווען דער אידי־
שער ישוב אין ארץ ישראל וועט שטייגן צו דער העכסטער שטו־
פע און די זין פון אונזער פאָלק וועלן זיך פרוכפּערן און מערן
דאָרטן און וועלן אָנפילן דאָס לאַנד און באַזיגן עס מיט זייער אַר־
בעט — אויך דאַמאָלט וועט די מערהייט פון פאָלק זיין צושפּרייט
אין פרעמדע לענדער און זיין לעבן אין די דאָזיקע לענדער וועט
אויך דאַן זיין אָפּהענגיק פון די פעלקער, וואו ער וואוינט און
ווערט בטל צווישן זייער מערהייט... דען פון ארץ־ישראל וועט
ניט אַרויסקומען קיין קריגס־פלאָט צו באַשיצן אידן אין א
נויט..." 18)

* * *

שוין אַריבער א האַלבער־יאָרהונדערט טיילט אונז אָפּ פון דער
צייט, וואָס אחד־העם האָט פאַרעפנטליכט זיין ערשטן אַרטיקל
— „לא זו הדרך" (המליץ" 1889), אין וועלכן ער מערקט־אָן
די הויפּט־יסודות פון זיין ציוניסטישער לערע.

מיר קענען דעריבער איצט, אין רעטראָספּעקט, א בליק טאָן

אויף זיין לערע און אויסגעפינען, צי זי איז געווען אַ תורת חיים", אַ לעבנס־לערע.

„ניטאָ קיין נייעס אונטער דער זון". נאָענט צום צווייטן חורבן האָט ר' יוחנן בן זכאי געבעטן ביים רוימישן קריגס־פירער וועספּאַסיאַנוס: „ערלויב מיר זיך צו באַזעצן מיט מיינע תלמידים אין דער שטאָט „יבנה" און גרינדן דאָרט אַ ישיבה", וועספּאַסיאַנוס האָט באַוויליקט די בקשה. די זעלאָטן, די עקסטרעמע פּאַרטיי צווישן אידן, זענען ניט צופרידן געווען מיט ר' יוחנן׳ס טאָט און געווים האָבן זיי אים געהאַלטן פאַר אַ פאַררעטער.

דאָך איז איצט קלאָר פאַר יעדן אַז ר' יוחנן איז געווען דער, וואָס האָט אָפּגעהיט דעם „נר תמיד", דאָס אייביקע אידישע ליכט, די אידישע תורה, וואָס איז געווען שטאַרקער פון די קעמפּער.

וואָס איז שייך אחד־העם׳ס קאַמף פאַר דער שאַפונג פון אַ גייסטיקן צענטער אין ארץ־ישראל, דענק איך, אַז ער איז געגאַנגען אין די פוסטריט פון ר' יוחנן. אויך ער האָט געזען, אַז „שכינתא בגלותא", די אידישע קולטור ווערט פאַרשווענקט פון די אַסימילאַציע כוואַליעס, און דעריבער האָט ער זיך באַמיט צו שאַפן אַ דאַמבע אין ארץ־ישראל, כדי אָפּצושטעלן דעם אַסימילאַציאָנס שטראָם. און זיין אַרבעט איז אין אַ געוויסער מאָס געקרוינט געוואָרן מיט ערפאָלג.

דער אויפלעב פון העברעאיש, די העברעאישע שולן און דער העברעאישער אוניווערסיטעט, די אַנטוויקלונג פון דער העברעאישער ליטעראַטור, זענען רינגען אין דער גאָלדערנער קייט פונם צוקינפטיקן גייסטיקן צענטער. ארץ־ישראל האָט אויך אַ גרויסע קולטור השפעה אויף די גלות לענדער, באַזונדערס אויף די יונגענטליכע, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג.

דער איינציקער טעות, וואָס ער האָט געמאַכט, לויט מיין

ד

## אחד העם אלס רעדאקטאָר פון „השלוח"

סוף יאָר 1896 האָט אחד־העם געגרינדעט דעם חודש־זשור־נאַל „השלוח", וואָס איז ערשינען אונטער זיין רעדאקציע אין אַ משך פון זעקס יאָר צייט.

געווען איז דאַן אַ צייט פון גרויסן אויפברויז, אויף דער אי־דישער גאַס. עס האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט ארבעטער פאַרטייען און פאַרטייעלעך — פאָליטישע ציוניסטן, פועלי ציון דער בונד, און ניט אידישע פארטייען, ס. ר., ס. ד., פּ. פּ. ס., אין וועלכע אחינו בני ישראל האָבן געטומלט זיך פיל מער ווי די גויים.

און אינמיטן דעמדאָזיקן טומל און געפילדער איז דערשינען דער „השלוח", אַ זשורנאַל, וואָס האָט לויט זיין נאָמען נאָך (דער נאָמען האָט אָנגעדייט אויפן פסוק — „ווי די וואסערן פון „שלח", וואָס גייען פאַמעליך") געזאָלט זיין דאָס „קול דממה דקה", די שטילע געלאסענע שטימע פון רוהיקן ראציאָנאַלן באַ־אָבאכטער פונם אידישן לעבן און זיינע פּראָבלעמען.

אין אַן ארטיקל וועגן דער אויפגאבע פונם „השלח" (תעודת „השלח") שרייבט דער רעדאקטאָר — „ניט קיין בית מדרש פאר חכמים גרינדן מיר, וואָס זאָלן זיצן און פלפולן זיך איינער מיט צווייטן און מעלדן נייעסן ... מיר זענען אויסן דאָס אלגעמיינע פאָלק, וואָס זאָל געפינען אין דער דאָזיקער צייטונג פאסיקע גייס־טיקע שפייז און זאכן, וואָס ער דארף וויסן". דער רעדאקטאָר טיילט אויך דערביי מיט וועגן די אָפּטיילונגען פונם זשורנאַל: א) קאפיטלאך וויסנשאפט, ב) פובליציסטיק, ג) קריטיק, ד) בעלעטריסטיק.

דאָך איז אין דער ווירקליכקייט, דער „השלח" געווען אַן

אָרגאַן, וואָס האָט געקעמפט מיט אידעאלאָגיש־נאָענטע געגנער, ווי די פּאָליטישע ציוניסטן און אויך מיט אידעאישע געגנער, — אסימילאַנטן, קאָסמאָפּאָליטן א. ד. ג. דעם רעדאַקטאָר איז אויך אויסגעקומען צו קעמפן מיט זיינע מיטארבעטער, וואָס האָבן געפאָדערט די פולע פרייהייט צו שרייבן, וואָס זיי האָבן געוואָלט, און אין דער פאָרם און סטיל אין וועלכן זיי האָבן ביז דאַן געשריבן.

אחד־העם אָבער איז פעסט באַשטאַנען אויף דעם פּרינציפּ, אַז ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער ריכטונג פונם „השלח" און דעריבער דאַרף ער באַשטימען די אַרטיקלען, וואָס זענען פּאַסיק פאַרן זשורנאַל, לויט דער פאָרם און אינהאַלט.

די, וואָס זענען באַקאַנט מיט דער העברעאישער זשורנאַליסטיק פון פאַר דער תקופה פונם „השלח", ווייסן, אַז איר קולטור־רעלער ניוואָ איז געווען זייער נידריק. די פּאָלעמיק צווישן פאַרשידענע שרייבער — צווישן צעדערבוים'ן און י. ל. גאָרדענען, פּאָלעמישע אַרטיקלען פון פרישמאַנען וכדומה — האָבן געשמעקט מיט פיש־מאַרק זלזולים, זענען געווען פול מיט פּערזענליכע אָנפאַלן, וואָס האָבן געמאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט דעם כבוד פון דער העברעאישער ליטעראַטור און פּאָרשטייער. און דער „קורא הנכבד", דער געערטער לייענער האָט זיך שטאַרק פאַסמאַקעוועט פון די זידלערייען, וואָס האָבן געררייצט זאָאָלאָגישע אינסטינקטן ..

אחד־העם, דער פּרינץ צווישן די העברעאישע שרייבער, איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן אַזאַ סאָרט פּאָלעמיק. ער האָט געפאָדערט פון זיינע מיטאַרבעטער און אויך פון די ליטעראַטור קריטיקער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין „השלח", אויסצומיידן פּערזענליכע אָנפאַלן און זיך באַציהען מיט רעספּעקט צו אויפריכטיקע אידעאישע געגנער.

אין איינעם פון זיינע בריוו שרייבט ער צו אַ ליטעראַטור־קריטיקער: „אומזיסט זאָגסטו, אַז איך האָב אויף דיר גוזר גע־

ווען, אז דו זאָלסט „באַזינגען און לויבן אַלע מחברים". אור־טייל זיי (די מחברים) לויט דיין געוויסן, אָבער איז דען ניט מעגליך צו טאָן דאָס אָן אַ צוגאָב פון בייסנדע און שטעכיקע באַמערקונגען? אַ אידישער מחבר האָט ניט אין זיין וועלט מער ווי דאָס ביסל כבוד, וואָס ער דערוואַרטעט. און ס'איז גענוג שטראָף פאַר אים, אויב מיר באַרויבן אים פון דעם שכר, ווען מיר פאַראורטיילן זיין בוך, טאָ צו וואָס־זשע דאַרפן מיר אים נאָך פאַרשאַפן שמערצן אַלס אַ מענטשן?"...

און אין אַן ענטפער־בריוו צו אַ פּרוי, וואָס האָט אים צוגע־שיקט העברעאישע לידער פאַרן „השלח", שרייבט ער: „איך גיב עפנטלעך צו, אַז די סימפּאַטיע פון דיין זייט האָט אויף מיר גע־מאַכט אַ באַזונדערן רושם. מיר, העברעאישע שרייבער זענען דאָך ניט רייך מיט סימפּאַטיע פון פרויען. מיר האָבן דאָך כמעט ניט קיין לייענערינס. און אין דעם זעען אייניקע קריטיקער די הויפּט־סיבה פון אַ סך העסליכע דערשיינונגען אין אונזער לי־טעראַטור. דער שרייבער פילט זיך שטענדיק אין דער געזעל־שאַפט פון מענער, און דעריבער דאַרף ער ניט זיין פאָרזיכטיק מיט זיין שפּראַך. אפשר וועט נאָך קומען אַ צייט און די אידישע פרוי וועט זיך קאָנקרעט באַטייליקן אין אונזער ליטעראַטור".

אין יענער צייט האָט אין דער העברעאישער ליטעראַטור גע־הערשט דער אויפגעבלאָזענער מליצה־סטיל. אָנשטאָט צו שרייבן קורץ און דייטליך, צו קאָנצענטרירן זיך אויפן הויפּט־רעיון, וואָס דער שרייבער וויל אַרויסברענגען, האָט דער שרייבער גע־צאַצקעט די העברעאישע שפּראַך אויפן חשבון פונם אינהאַלט.

אחד־העם, וואָס האָט אַלע מאָל זיך אויסגעצייכנט מיט זיין צמצום'דיקן און קלאָרן סטיל, איז געווען אַן אויסגעשפּראָכע־נער געגנער פון דעם צושוואומענעם און לויזן סטיל און ער האָט זיך באַמיט צו דערציען זיינע מיטאַרבעטער אין דער הינזיכט, ערלויבנדיק זיך צו ענדערן זייערע אַרטיקלען אין סטיל און אויך אין אינהאַלט.

אין איינעם פון זיינע בריוו שרייבט ער וועגן דעם עניין אָט־וואָס: „אויסער אַלגעמיינע ליטעראַרישע אויסבעסערונגען — באַמי איך זיך אויך אויסצושטרייכן יעדע סאָרט בטלנות און פּוסטע אומזיניקע רייד, אַלערליי קריגערייען און פּערזענליכע חשבונות צווישן איינעם און דעם צווייטן איבערגעטריבענע לויב פאַר זיך אַליין אָדער פאַר אַנדערע . . . און די מערסטע אַרטיקלען, וואָס איך גיב אין „השלח" שטרייך איך אויס און ענדער לויט דער נויטווענדיקייט און אַמאָל מוז איך אויסשטרייכן גאַנצע זייטן".

אין זיינע בריוו שרייבט ער וועגן דעם, אַז אים איז אויסגעקומען אויסצושטרייכן אַ סך זייטן אין די אַרטיקלען פון ש. פּ. ראַבינאָוויץ (שפ"ר), אַן אָנגעזעענער העברעאישער שרייבער אין זיין צייט; אויך אין אַן אַרטיקל פון פּראָפ. דוד קויפמאַן, אַן אָנגעזעענער אידישער געלערנטער אין מערב־אייראָפּע, האָט ער געמוזט זייער פיל אויסשטרייכן דערפאַר, וואָס זיין סטיל איז אויפגעבלאָזן און מליצה'דיק.

ווי מען האָט געקאָנט דערוואַרטן זענען אַ סך מיטאַרבעטער געווען ניט צופרידן מיט דער באַציהונג פונם רעדאַקטאָר צו זייערע אַרטיקלען.

באַזונדערס איז ניט צופרידן געווען מ. י. בערדיטשעווסקי. אחד־העם אָבער האָט ניט געענדערט זיין באַציהונג צו זיינע מיטאַרבעטער.

אין אַ בריוו צו בערדיטשעווסקין שרייבט ער: „צווישן אַלע שרייבער פונם „השלח" איז כמעט נישטאָ קיין איינער, וואָס ס'האָט זיך מיט אים ניט געטראָפן דאָס, וואָס ס'האָט זיך געטראָפן מיר דיר: כמעט אַלעמען האָב איך אַמאָל צוריקגעקערט זאַכן, וואָס זענען מיר ניט געפעלן געווען און אַמאָל האָב איך געפאָדערט, אַז זיי זאָלן מאַכן קאַרדינאַלע ענדערונגען אין זייערע אַרטיקלען, און דאָך איז ביי קיינעם פון זיי ניט געקומען אויפן זינען אויפצוהערן דערפאַר מיטצואַרבעטן מיט מיר... דו ווייסט דאָך אַז איך פלעג דיר צוריקשיקן זאַכן וואָס דו האָסט

געגעבן פארן „השלח" און, וואָס איך האָב מסכים געווען צו דרוקן, האָב איך געענדערט כמעט פון אָנהויב ביזן סוף".

און אין אן אנדער בריוו רעדט ער מיט ביטערן סארקאזם וועגן זיינע קריטיקער: „ווען איך וואָלט געוואָלט ריידן מיט דיין שפּראך, מיין פריינד, וואָלט אויך איך געקאָנט זאָגן, אז „מיין שטאנד אין דער ליטעראטור" איז זייער שלעכט אינם דאָזיקן דור פון אויפגערעגטע נערוון. אויב איך בין ניט מסכים מיט הערצל'ס דיפּלאָמאטיע — בין איך א שונא־ציון; אויב איך האלט ניט פאר קיין קונסט די נאָכמאכונגען פון אונזערע שרייבער — בין איך א פיינד פון שיינקייט; אויב איך בין ניט מודה אין דער גע־ניאליטעט פון בערדיטשעווסקין — בין איך א פיינד פון לעבן..."

דאָך ניט געקוקט אויף די סכסוכים צווישן אחד־העם'ן און בערדיטשעווסקין', האָט דער לעצטער מיטגעארבעט אין „השלח", ווייל ער האָט געוואוסט, אז דער סכסוך צווישן אים און אחד־העם'ן איז ניט קיין פּערזענליכער.

דאגעגן אָבער זענען געווען אייניקע שרייבער, וואָס האָבן פארלאָזט דעם „השלח"דערפאר, וואָס זיי האָבן געפאָדערט, אז דער רעדאקטאָר זאָל נישט ענדערן זייערע ארטיקלען.

אַ כאראקטעריסטישער פאל: — ווען מען האָט אחד־העם'ן איבערגעגעבן, אז פרישמאן וועט זיך באטייליקן אינם „השלח" בלויז דאן, ווען ער וועט האָבן דאָרטן א פרייע אָפּטיילונג, האָט ער וועגן דעם געשריבן זיינעם א פריינד: „אפילו, ווען הערבערט ספּענסער וואָלט בא מיר געפאָדערט צו באשטימען פאר אים אַ באזונדערע אָפּטיילונג, וואו ער זאָל קענען טאָן, וואָס ער וויל — וואָלט איך דאָס ניט געטאָן."

דער באקאנטער העברעאישער דיכטער י. ל. ברוך שילדערט אין זיינע זייער אינטערעסאנטע זכרונות (י. ל. ברוך, אחד־העם, פּרקי זכרונות, „הארץ" 37, 1, 8) אחד־העם'ן אלס רעדאקטאָר. מיר וועלן דאָ איבערגעבן אייניקע שטעלן פון די דאָזיקע זכרונות.

... אָפּטמאָל, ווען איך בין אריינגעקומען צו אים אין פאר־

בינדונג מיט מיין מיטארבעטערשאפט אין „השלח", האָב איך אים געטראָפן זיצן און באשעפטיקן זיך מיט רעדאגירונגס־אר־בעט, צו וועלכער ער האָט זיך באצויגן ווי א כהן צו זיין הייליקער עבודה. ווער ס'האָט ניט געזען אחדהעם'ן, זיצנדיק אויפן שטול און טוענדיק די דאָזיקע ארבעט פארטיפט און קאָנצענטרירט מיט אלע זיינע געדאנקען, האָט קיינמאָל ניט געזען קיין אידעאַלן רעדאַקטאָר. זיין טיש איז געווען ריין און מוסטערהאַפט איינגעאָרדנט. דאָס שרייב־געצייג — אין דער בעסטער אָרדנונג; די פען איז אלע מאָל ניי — יעדן טאָג בייט מען זי איבער, „משפט האורים" (פון יהושע שטיינבערג), וואוהין דער רעדאַק־טאָר קוקט אָפטמאָל אריין, ליגט אויף א באשטימטן פּלאַץ... דו פילסט, אז דער דאָזיקער מענטש באציט זיך צו זיין אַרבעט מיט דער גרעסטער ערנסטקייט און אָנערקענט זיין גרויסע אח־ריות לגבי איר מאַיעסטעט די העברעאישע שפראך און לגבי דעם העברעאישן עולם, וועמענס גייסטיקער פירער ער איז... עס איז ביי אונז נאָך ניט געווען אַזאַ רעדאַקטאָר ווי ער, וואָס זאָל אַזוי פיל מטפל זיין זיך מיט די אַרטיקלען פון די מיטארבע־טער, וואָס זאָל פאַלירן און אויסבעסערן זייערע ווערטער, אַזוי ווי ער דאָס דאָס געטאָן. ער האָט קיינעם ניט געשוינט אפילו ניט ביאַליק'ן: פונם „המתמיד" האָט ער אויסגעשטראָכן איי־ניקע פערזן, וואָס זענען אים ניט געפעלן געווען, און „אריה בעל הגוף" האָט ער אים צוריקגעשיקט, אז ער זאָל עס אויסבעסערן. בלויז איינעם האָט ער ניט געטשעפּעט — דעם זיידן מענדעלע. צום זיידן האָט ער זיך באַצויגן מיט גרויס רעספּעקט ווי צו אַ וואונדערליכן קינסטלער און ווי צו אַ גרויסן מייסטער פון העב־רעאיש, וואו קיינער קען זיך ניט פארגלייכן מיט אים. און יעדער קאַפּיטל פון „עמק הבכא" און „סוסתי" (די קליאַטשע), וואָס ער האָט געדרוקט אין „השלח", האָט ער געהאַלטן פאַר א טייע־רע מתנה פאַר זיך אליין... ער האָט זייער ליב געהאַט יונגע שרייבער, וועלכע ער פלעגט ניט נאָר ניט אָפּשטויסן, נאָר ער

פלעגט זיין זייער פריינדלעך צו זיי און זיי מקרב זיין, און, אויב ער האָט געפונען אין זייערע זאכן א פונק טאַלאַנט, האָט ער זיך געפלייסט אויסצובעסערן זיי און מאכן זיי דרוקפאסיק. יעדע זאך, וואָס דו האָסט אים געבראכט איז ביי אים געווען זייער וויכטיק, און נאָכדעם, וואָס ער האָט אויסגעפינען, אַז ס'איז ווערטפול, פלעגט ער זיך זייער שטארק פרייען...

„אגב: האנאראר — האָט ער אלעמאָל אליין באצאָלט ווי אַ פליכט און אַ מצוה, וואָס ווערט ניט געטאָן דורך אנדערע און, ווען איך האָב באקומען פון אים דעם ערשטן האנאראר פאר א פאָעמע — 3 רובל און 20 קאָפּיקעס — און אים געזאָגט: „דאָס איז דאָך מער ווי י. ל. גאָרדאָן האָט באקומען פאר זיין פּאָעמע „קוצו של יוד", האָט ער געשמייכלט ווי איינער זאָגט: דער „השלח" קען ניט פארגליכן ווערן צום „השחר" אַ נייע תקופה איז איצט געקומען פאר דער העברעאישער ליטעראטור, אָן האַ־נאראר וועט די ליטעראטור קיין קיום ניט האָבן.

„די שרייבער, וואָס האָבן זיך באטייליקט אין „השלח", זע־נען פאררעכנט געווען ביי אים ווי זיינע קרובים, און ער האָט אויף זיי געקוקט ווי אויף זיין גייסטיקע פאמיליע... ער האָט אויף זיך געקוקט ווי אויף אַ דיריגענט פון אן אָרקעסטער. אים האָט זיך איינגעגעבן צו מאָביליזירן אַלע גייסטיקע מענטשן פון זיין צייט, אַלע טאלענטירטע שרייבער, אלטע און יונגע צוזאמען: מענדעלע, בערנפעלד, ניימארק, ערנפרייז, ביאליק, ש. בן־ציון, פייערבערג א. א. די ליטעראַרישע ווערק, וואָס זענען פארעפנט־ליכט געוואָרן אין „השלח", האָבן אַ באדייטנדיקן ווערט, און דאָס איז דער באַזונדער זכות פון אחד־העם'ן, וואָס אים האָט זיך איינגעגעבן צונויפצונעמען די בעסטע שרייבער פון זיין דור..."

כ'האָב זייער גערן געבראכט דאָ אייניקע שטעלן פון ברוכ'ס זכרונות וועגן אחד־העם'ן אַלס רעדאקטאָר. אָבער ווי אַ פארקאָכ־טער חסיד האָט ער פארזען אייניקע פגימות אין אחד־העם'ן אַלס רעדאקטאָר.

ווי האָבן די אַלטע רוימער געזאָגט: „אַ פריינד איז פּלאַטאָ, אָבער נאָך מער פריינד איז דער אמת.״

אחד־העם האָט אַלעמאָל געקעמפט פאַרן אמת, ניט שווינענ־דיק די גרעסטע פּערזענליכקייטן פון זיין דור. איך ערלויב מיר דעריבער חולק צו זיין אויף דער מיינונג פון ברוכ׳ן און אנדערע חסידים פון אחדהעמ׳ן, וואָס האַלטן אים פאַרן אידעאַלסטן רע־דאַקטאָר.

עס איז ניט ריכטיק די באַהויפּטונג, אַז אין „השלח״ האָט געהערשט שלום־ושלוה צווישן רעדאַקטאָר און זיינע מיטאַרבעטער.

די בריוו־אויסצוגן, וואָס איך האָב אויבן געבראַכט, און אויך אַ רייע אַנדערע בריוו זיינע ווייזן, אַז אחד־העם האָט זייער פיל געקעמפט מיט זיינע מיטאַרבעטער און אויך מיט מאַנכע חשובע לייענער, וואָס זענען ניט געווען צופרידן מיט דער ריכ־טונג פונם „השלח״. דיזאָזיקע סכסוכים האָבן געבראַכט דער־צו, אַז, אַן ענטווישטער, האָט ער פאַרלאָזט דעם זשורנאַל.

וואָס־זשע זענען די סיבות פון די גרויסע שוועריקייטן, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין דער צייט, וואָס ער האָט רעדאַגירט דעם „השלח״ און וואָס האָבן געבראַכט דערצו, אַז ער האָט ענד־ליך געמוזט זיך שיידן מיט אים?

כדי צו ענטפערן אויף דער פראַגע מוזן מיר, קודם־כל, קלאָר מאַכן און גענוי באַשטימען, וואָס איז אייגנטליך די אויפגאַבע און די פונקציע פון אַ רעדאַקטאָר בכלל.

פאַראַן אַ יש־אומרים, אַז דער בעסטער רעדאַקטאָר איז דער, וואָס שטערט ניט זיינע מיטאַרבעטער אַרויסצוברענגען פריי זיי־ערע געדאַנקען (ענליך צום באַוואוסטן פסוק פון דזשעפערסאָנען — „די בעסטע רעגירונג איז די, וואָס רעגירט צום ווינציקסטן״).

אין דער באַהויפּטונג איז פאַראַן אַ גרויסער אמת. ווייל אַ רעדאַקטאָר, וואָס וויל אַרויפצווינגען זיינע מיינונגען, זיין לי־טעראַרישן סטיל און געשמאַק אויף זיינע מיטאַרבעטער, שטערט און הינדערט זייער אַנטוויקלונג און שעפערישקייט. פון דער

אנדערער זייט איז אחד־העם טויזנט מאָל געווען גערעכט, ווען ער האָט געפאָדערט פון זיינע מיטארבעטער, אז זיי זאָלן ארויס־ברענגען זייערע געדאנקען קלאָר און דייטליך, אָן אויפגעבלאָזענע מליצות און אויך אויסמיידן פערזענליכע זלזולים וכדומה.

אין מיינע אויגן, איז אַ צייטונג אָן אַ ווירקליך פאראנטוואָרט־ליכן רעדאקטאָר געגליכן צו אן אָרקעסטער אָן אַ דיריגענט, צו אַ שיף אָן קאַפּיטאַן. אין אזא צייטונג הערשט דיסהארמאָניע, א תוהו־ובהו.

„יעדער איינציקער פון אונז, ווען ער האָט עפּעס געשריבן אָדער געטאָן, האָט זיך פאָרגעשטעלט דאָס געשטאַלט פון אחד־העם׳ן: וואָס וועט אחד־העם זאָגן וועגן דעם וואָס איך טו?״ האָט ביאליק געזאָגט אין זיין הספד אויף אחד־העם׳ן.

ער האָט געפאָדערט פון אַנדערע שרייבער די זעלבע אחריות־דיקע און ערנסטע באַציהונג צום וואָרט מיט וועלכער ער אליין האָט זיך דערצו באַצויגן. אין איינעם פון זיינע בריוו שרייבט ער: — „איך האָב קיינמאָל ניט איבערגעגעבן צום דרוקן קיין זאך, וואָס איך האָב געשריבן, איידער איך האָב דאָס געגעבן לייענען איינעם אָדער צוויי מענטשן וואָס איך האָב געהאלטן פאר מענטשן מיט געשמאַק (און דאָרטן, וואו עס זענען ניט געווען אַ זעלבע, האָב איך זיך באַנוצט אויך מיט פשוטע לייע־נער) און איך האָב זיך צוגעהערט צו אלע זייערע באַמערקונגען, און אָן רחמנות מעק איך אויס און ענדער יעדע זאך, וואָס איך זע, אז ס׳מאַכט ניט קיין גוטן רושם, כאָטש מיר אליין געפעלט עס. און דאָס האָט מיר בייגעשטאַנען אויסצומיידן פארשידענע אויסדרוקן, וואָס האָבן מיך געלאַקט מיט זייער שארפזיניקייט און איך האָב זיי אויפגעשריבן און, וואָס נאָכדעם וואָלט איך געוויס חרטה געהאַט, ווען זיי וואָלטן געדרוקט געוואָרן״.

עס איז דעריבער פארשטענדליך פארוואָס ער האָט געפאָ־דערט אויך פון זיינע מיטארבעטער אן ערנסטע און אחריותדיקע באַציהונג צו זייערע ארטיקלען. און, אויב ער האָט דאָס ניט גע־

פונען ביי זיי, האָט ער געמוזט אויסשטרייכן און ענדערן די אַרטיקלען, כדי זיי זאָלן זיין פּאַסיק פאַרן „השלח".

ווי ווייט עס האָט דערגרייכט די אומפּאַראַנטוואָרטליכקייט פון שרייבער אין יענער צייט, קען מען זען פון דעם, וואָס ער שרייבט אין איינעם פון זיינע בריוו צו אַ קאָלעגע: „איין זאַך וועל איך ביי דיר בעטן, אַז אין דער צוקונפט זאָלסטו פריער אַליין איבערלייענען, וואָס דו האָסט געשריבן, איידער דו שיקסט מיר דעם אַרטיקל". און אין אַן אַנדער בריוו שרייבט ער: „פון דעם דרינגט איך, אַז דו ביסט זיך ניט נוהג אַליין צו לייענען, וואָס דו שרייבסט — אַ זאַך אין וועלכער עס ווערן געשטרויכלט אַ סאַך פון אונזערע שרייבער".

אינטערעסאַנט איז, אַז הגם אין „השלח" האָט ער פאַרעפנט־ליכט אויך אַרטיקלען פון בערדיטשעווסקין, וואָס איז געווען זיין בר־פּלוגתיה און אויך פון אַנדערע אידייאישע געגנער, האָט ער דאָך ניט מסכים געווען צו פאַרעפנטליכן אין „השלח" עקסטרעמע ביבל־קריטישע אַרטיקלען. אין אַ בריוו צו אַ פריינד שרייבט ער וועגן דעם: „איך דערלויב זיך צו געבן אַמאָל אַ פּלאַץ פאַר פרייע מיינונגען וועגן ביבל־קריטיק, אָבער בלויז פאַרבייגייענ־דיק. דאָך געבן גאַנצע קאַפּיטלעך אין „השלח", וואָס זייער הויפּט טעמע איז צו באַשטרייטן די איינהייט פון דער תורה דאָס געפין איך ניט פאַר מעגליך", ווייל די קריטיק איז באַגרינדעט אויף השערות און איבער אַזעלכע השערות זע איך ניט קיין נויטווענ־דיקייט ווי צו טאָן די גלויביקע און אָנגרייפן דאָס געפיל, וואָס איז ביי זיי דאָס הייליקסטע".

ווען י. ח. ברענער האָט מיט יאָרן שפּעטער פאַרעפנטליכט אַן אַרטיקל אין „הפּועל הצעיר", וואו ער האָט געשריבן: „מיר האָבן זיך שוין לאַנג באַפרייט פונם „היפּנאָז" פון די הייליקע שריפטן, ווייל מיר האָבן געפונען אַנדערע גרעסערע ספרים פון זיי" און דערביי אויך געלויבט דעם נייעם טעסטאַמענט, האָט אחד־העם געפאָדערט פונם קאָמיטעט פון די חובבי־ציון, אַז

זיי זאָלן אָפּשטעלן די סובסידיע, וואָס זיי האָבן געגעבן דעמדאָזיקן זשורנאַל.

וועגן דעם אינצידענט שרייבט אחד־העם, אַז געווים איז ברענער באַרעכטיקט צו זיין מיינונג, אָבער די חובבי־ציון, וואָס זענען ניט מסכים מיט דער מיינונג, דאַרפן פינאַנציעל ניט שטיצן די צייטונג, וואָס פּרעדיקט אידעען, וואָס זענען אין זייערע אויגן א חילול־השם. קען דאָך אַן אַטעאיסט ניט פאָדערן פון א גלויביקן, אַז ער זאָל שטיצן זיין פּאַרטיי און זיין פּרעסע", אַרגומענטירט אחד־העם.

דאָך זענען אויך אויף דער זון פאַראַן פלעקן: — אחד־העם איז געווען זייער אַ גרויסע פּערזענליכקייט מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם פעלזנפעסטן בליק אויף אידישע פּראָבלעמען, און דעריבער האָט ער אומבאַוואוסטזיניק ניט געדולדיקט קיין געגנזעצליכע מיינונגען פון אנדערע שרייבער, כאָטש אין פּרינציפּ האָט ער געהאַלטן פון טאָלעראַנץ. ווי זאָגט דער באַוואוסטער נאָוועליסט טאָמאַס האַרדי: „כאַראַקטער איז שיקזאַל"...

מען דאַרף באַזונדערס נעמען אין באַטראַכט, אַז גרויסע באַגאַבטע פּערזענליכקייטן באַזיצן אויסגעשפּראָכענע כאַראַקטערשטריכן. עס זענען דעריבער פאָרגעקומען קאָנפליקטן און צוזאַמענשטויסן צווישן אחד־העם'ן און אנדערע גרויסע שרייבער, וואָס דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז זיי האָבן אויפגעהערט מיטצואַרבעטן אין „השלח".

וואָס איז נוגע בעלעטריסטיק, די „שיינע ליטעראַטור", איז אחד־העם, לפי עניות דעתי, געווען אַ קנאַפּער מבין אויף איר, גענויער: זיין בליק אויף דער „שיינער ליטעראַטור" איז געווען מתנגדיש־ראַציאָנאַליסטיש און קאָנסערוואַטיוו.

פאַרשטענדליך איז זיין פאַרלאַנג, אַז אויך די שיינע ליטעראַטור זאָל דינען דעם רעיון פונם אידישן רענעסאַנס, דער שאַפונג פונם גייסטיקן צענטער א. ד. גל. דאָך האָט ער באַדאַרפט באַגרייפן די וויכטיקייט און באַדייט אויך פון דער ריין־קינסט־

לערישער, ניט טעדענציעזער ליטעראטור. האָט דאָך אויך דער גרויסער נאציאָנאלער דיכטער ביאליק געשאפן אזעלכע ריין קינסטלערישע פּערל ווי „משירי החורף" „הברכה" א. אנד.

אין דעם דערמאָנטן בריוו, צו טשערניכאָווסקין, לויבט אחד־העם דעם דיכטער, וואָס באזיצט „טאלאנט און וויסנשאפט". דער בריוו איז געשריבן געוואָרן מיט יאָרן שפּעטער, ווען טשער־ניכאָווסקי איז שוין געווען א באַוואוסטער דיכטער. ווען טשער־ניכאָווסקי אָבער האָט אָנגעהויבן קלעטערן אויפן פּארנאס, גע־מאכט זיינע ערשטע טריט אין דער העברעאישער ליטעראטור און געגנויטיקט זיך אין ערמוטיקונג און אין גייסטיקע שטיצע, האָט דער מתנגדיש־ראציאָנאליסטישער אחד העם אים מער גע־טאַדלט ווי געלויבט.

די אנטוויקלונג און אויפבלי פון טשערניכאָווסקין, שניאורן א. א. אנדערע באדייטנדע העברעאישע שרייבער איז פאָרגעקומען דאן, ווען דער „השלח" איז רעדאגירט געוואָרן פון ביאליקן און דר. י. קלויזנערן, אָבער ניט אין אחד־העמ׳ס תקופה.

הקיצור הדבר, אחד־העמ׳ס פארדינסטן און לייסטונגן פאר דער העברעאישער ליטעראטור זענען זייער באדייטנד. ליידער איז ער געווען צו שטייף און פארגליווערט אין זיינע פּרינציפּן און קאָנסערוואטיוו אין זיין וועלט־באנעם.

דאריבער האָט ער, דער גרעסטער העברעאישער פּובליציסט בשעתו, געמוזט פארלאָזן די ליטערארישע בינע, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל מי געשאפן, און באזעצן זיך אין לאָנדאָן, וואו זיין גרויסער טאלאנט איז פארוועלקט געוואָרן...

און אפשר האָט ער אליין געגעבן אן ענטפער אויף דער הארבער פראגע פארוואָס ער האָט אין דער צייט פון פולן אויפ־בלי פון זיין טאלאנט און זיינע גייסטיקע כוחות — געמוזט פארלאָזן זיין ווירדיקן פּאָסטן, און באַנוצנדיק זיך מיט ביאליקס אן אויסדרוק, „זיין לעבנס בארוף איז אינמיטן אָפּגעהאקט גע־וואָרן".

אין זיין באַרימטער עסיי „משה" שרייבט אחד־העם: „פאַר־וואָס איז דער נביא געשטאָרבן און האָט ניט זוכה געווען אַליין צו פאַרענדיקן זיין ווערק־. . ווייל ווען ס'קומט די צייט צו פאַר־קערפּערן דעם אידעאַל אין דער ווירקליכקייט, קען דער נביא מער ניט שטיין אין שפּיץ פון פאָלק און מוז איבערגעבן זיין פּלאַץ צו אַנדערע. ווייל פון דאַן אָן הויבט זיך אָן אַ נייע תקופה, אַ תקופה פון נבואה פאַרשווינדונג, פון קאָמפּראָמיסן און פּשרות, וואָס איז זייער פאַרשידן פון דער, וואָס דער נביא האָט געזען אין זיין דמיון. און ס'איז דעריבער בעסער פאַר אים צו שטאַרבן אין דער מדבר איידער ער זאָל דאָס אַלץ זען מיט זיינע אויגן".

* * *

ה

# רעיונות, אפאריזמן און ווערטלאך פון און וועגן אחד־העם'ן 20)

— — דאָרטן (ביים כותל מערבי) האָב איך זיך געטראָפן מיט אַ סאך פון אונזערע ברידער, ירושלימער תושבים, וואָס זענען געשטאַנען און געדאַוונט בקולי קולות. זייערע מאָגערע פּנימער, זייערע מאָדנע האַוואַיעס און אויסטערלישע קליידער — אַלץ איז צוגעפּאַסט צום אויסזען פון דער גרויזאַמער וואַנט. און איך שטיי און קוק אויף זיי און אויף דער וואַנט און איין געדאַנק פילט אָן מיין האַרץ: — די דאָזיקע שטיינער זאָגן עדות אויפן חורבן פון אונזער לאַנד, און די דאָזיקע מענטשן אויפן חורבן פון אונזער פאָלק: וועלכער פון די דאָזיקע צוויי חורבנות איז גרעסער? אַ לאַנד אַז ס'ווערט חרוב.. שטייען אויף זרובבל, עזרא און נחמיה און דאָס פאָלק נאָך זיי און בויען עס ווידער אויף; אויב דאָס פאָלק אָבער ווערט חרוב, ווער וועט עס באַשיצן און פון וואַנען וועט זיין הילף קומען?"

* * *

אין אַלע גלות־לענדער גייט דאָס אידנטום אונטער. איז מזרח־אייראָפּע איבער אָרימקייט און דחקות, וואָס הערשן דאָרטן, און אין מערב־אייראָפּע איבער עשירות און לוקסוס. דאָרטן גייט דאָס אידנטום אונטער, ווייל אידן גייען אונטער און דאָ (אין מערב־אייראָפּע) גייט דאָס אידנטום אונטער, ווייל אידן שטייגן געזעל־שאַפטליך.

---

20) מקורות פאַר דעם קאַפּיטל זענען אַרטיקלען, בריוו און זכרונות פון אחד־העמ'ן, און אויך אַנדערע קוועלן.

זיי (אונזערע עלטערן) האָבן געהאַט אַ גלויבן, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז זיי האָבן אַ באַרמהערציקן פאָטער, פאַר וועמען מ'קען אויסגיסן דאָס הארץ און געפונען אַ ביסל טרייסט. מיר אָבער האָבן גאָר ניט אויסער „ראשי תיבות" (פ"צ, ס"ס, ס"ר, ס"ד, א. א. וו.) וואָס דער צד־השוה, דאָס געמיינשאפטליכע צווישן זיי איז שקלאַפעריי און קריגעריי פאַרן „פּראָלעטאַריאַט" און דער רעוואָלוציע. (פון אַ בריוו צו מ. סמילאנסקין אין יאָר 1906).

* * *

אונזער פאָלק האָט געאַכט באַליבטע מענטשן, אָבער בלויז זייער גייסט און ניט זייער פּרצוף. דער מנהג צו פאַרשפּרייטן צווישן פאָלק בילדער פון שרייבער און באַוואוסטע כלל־טוער איז גענומען פון אנדערע פעלקער, וואָס זענען צוגעוואוינט פון פאַרצייטן צו „עבודה זרה" און צו מאַכן געטשקעס פון אַלץ, וואָס קומט זיי אונטערן האַנט.

* * *

אויף וויפיל איך קאָן אורטיילן פון דיינע רייד, ביסטו אַ ריכ־טיקער רעליגיעזער מענטש, כאָטש ניט קיין מאמין, ד. ה. אַ מענטש מיט רעליגיעזן געפיל און אָן אַ רעליגיעזן גלויבן. אַזעלכע מענטשן זענען היינט פאַראַנען אַ סאַך ביי אַלע פעלקער, ווייל רעליגיע איז דאָך אַ פועל־יוצא פון געפיל און ניט פון פאַרשטאַנד. מיינונ־גען קענען זיך ענדערן פון איין עקסטרעם צום צווייטן, אָבער דאָס געפיל וועט פאַרבלייבן און דעריבער זע איך ניט קיין שום צביעות אין דעם, וואָס דו היטסט אָפּ אַלע אידישע דינים ווי אַ פרומער איד.

* * *

— — מיר האָבן קיין האָפנונג ניט צו לעבן צווישן אַ פרעמד פאָלק אַ לעבן פון פאָלק און מענטשן צוזאַמען: צו נעמען אַן אַנטייל אין אַלע לעבנס־צווייגן אַזוי ווי אַ בירגער פון לאַנד און דערביי פאַרבלייבן אַ פאָלק מיט באַזונדער מיינונג. ווייַ איז צו

אונז אין אַ שלעכטן טאָג און ווי איז צו אונז אין אַ גוטן טאָג! די שלעכטע צייטן האָבן פאַרדאָרבן אונזער מענטשליכן גייסט, און די גוטע צייטן — אונזער פאָלקס־גייסט. די ערשטע האָבן אונז געמאַכט פאַר געמיינע מענטשן אין אויגן פון אַנדערע פעל־קער, און די לעצטע — פאַר אַ נבזה׳דיק פאָלק לויט אונזער אַנ־שויאונג.

* * *

— — (דער נביא) זאָגט דעם אמת ניט דערפאַר, וואָס ער וויל דאָס, ניט דערפאַר וואָס ער האָט אויסגעפאָרשט און אויס־געפונען, אַז ער איז מחויב דאָס צו טאָן, נייערט ווייל ער איז גע־צוואונגען דאָס צו טאָן, ווייל דאָס איז אַ באַשטימטע תכונה פון זיין גייסט פון וועלכער ער קען זיך ניט באַפרייען, אפילו ווען ער וויל זיך פון דערפון באַפרייען.

* * *

— — איך וויל לעבן אין ארץ־ישראל און שטאַרבן דאָרטן, כדי איך זאָל, אין מיינע לעצטע מינוטן פילן, אַז איך פאַרענדיק מיינע חשבונות מיטן לעבן אין דעם אָרט וואו מיין הארץ איז געווען אַלע מיינע יאָרן, אָבער, אויב איך וועל ניט זוכה דערצו, וועל איך זיך ניט קימערן וועגן דעם גורל פון מיינע ביינער נאָך מיין טויט.

* * *

יעדע גרויסע אסיפה פון „פאָלקס אויסדערוויילטע", וואָס ווערט אָנגערופן „פאַרלאַמענט" אָדער „קאָנגרעס" איז אין עצם בלויז אַ פאַרזאַמלונג פון אַן עמאָציאָנעלן המון אָדער, ווי סיגלע רופט זי — „היסטערישע פרוי"... און אַזאַ מין אסיפה פאַ־סירט אַ סך זאַכן בלויז דורך אַ צופאַל... ניט די ווירקלעכקייט און די דערפאַרונג זענען ענטשיידנד אין די פאַרהאַנדלונגען פון אַזאַ אסיפה, דען די פאַרזאַמלטע, וואָס זענען אַלע אין אַ צו־שטאַנד פון איבערגעטריבענעם אויפברויז, זענען דעמאָלט לגמרי

ניט פעאיק נאָכצודענקען וועגן ביידע זייטן פון דער פראגע — נייערט אַליץ ווערט געטאָן לויט אַ פלוצימדיקער באַוועגונג פון הארץ געפילן, וואָס קומט דורך אויסערליכע פאַקטאָרן.

* * *

— — בלויז איין קליינע זאַך פאָדערסטו פון די ציוניסטישע פירער, זיי זאָלן זאָגן דעם פאָלק בלויז דעם אמת און זאָלן אים ניט פארפירן" אפשר ווייסטו אַזאַ פּלאַץ אויפן ערד־קוגל, וואו די פירער פירן דאָס פאָלק אויף אַזאַ אופן — ביטע, מעלדע מיר, וואו איז דאָס דאָזיקע פלאַץ, וועל איך איבערלאָזן אַליץ און וועל אנטלויפן אהין"... (פון אַ בריוו צו פראָפ. ח. טשערנאָוויץ).

* * *

יעדער נייער רעיון, סיי אַ רעליגיעזער סיי אַ מאָראַלישער, קען ניט עקזיסטירן אָן אַ כיתה פון „כהנים", וואָס זאָלן אים ווידמען זייערע לעבנס, און דינען אים מיט זייער גאַנצן גייסט און קראַפט, וואָס זאָלן שטענדיק שטיין אויף דער וואַך אָפּצוהיטן אים פון פאַרשידענע שטערונגען און אין יעדן געפערליכן פלאַץ זאָלן זיי זיין די ערשטע זיך מוסר־נפש צו זיין פארן אידעאַל.

* * *

ס'איז ניט פאַראַן קיין שקר און נאַרישקייט, וואָס זאָלן ניט באַקומען די „אַלגעמיינע הסכמה", אויב די לעבנס־באַדינגונגען זענען צוגעפּאַסט דערצו. אָבער בלויז פילאָסאָפן ווייסן דאָס, און ביי דעם המון־העם איז נאָך איצט אויך ניטאָ קיין גרעסערע אויטאָריטעט פון דער „איינשטימיקייט", אויב די „גאַנצע וועלט" גלויבט אַז ס'איז אַזוי־און־אַזוי איז דאָס ריכטיק; און, אויב איך פאַרשטיי דאָס ניט, פאַרשטייען דאָס אַנדערע און, אויב איך געפין עפּעס אַ ווידערשפּרוך צו דעם, וואָס איז ביי אַלעמען אָנגענומען, זענען דאָך אַלע דאָסזעלבע און דאָך גלויבן זיי אין דעם. בין איך דען קלוגער פון „דער גאַנצער וועלט"?

* * *

ציטנווייז פֿאסירט, אַז אַ מענטש גלויבט מיט גאַנצן הארצן, אַז אַזעלכע און אַזעלכע זענען זיינע גייסטיקע אייגנשאַפֿטן, זיינע מיינונגען, זיינע וואונטשן און פֿארלאַנגען אין לעבן, און מיט דעמדאָזיקן גלויבן לעבט ער אַ סך יאָרן...

און פּלוצלונג, דורך עפּעס אַ וויכטיקע פּאסירונג, קומט־פֿאָר אַ רעוואָלוציע אין זיין גאַנצן געדאַנקען־גאַנג, און ס'עפֿענען זיך זיינע אויגן און ער דערזעט, אַז אַלע זיינע יאָרן האָט ער געגרייזט, אַז ער האָט זיך אַליין ניט געקענט; אַז די אַלע פֿארשידענע שטרע־בונגען און צילן, וואָס אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער פֿילט זיי־ער באַדערפֿעניש, זענען באמת געווען בלויז געקינסטלטע, אַ נאָכמאַכונג פֿון אַנדערנס טאָטן, אָן ווירקלעכן גרונט אין זיין גייסט.

* * *

ווער ס'פֿילט אין הארצן אַ ווירקליכן בונד מיטן לעבן פֿון אונזער פֿאָלק אין אַלע דורות, קען בשום־אופֿן זיך ניט פֿאָרשטעלן דעם קיום פֿונם אידישן פֿאָלק אָן דער „קעניגין שבת". מ'קאָן זאָגן אָן איבערטרייבונג, אַז אַ סאַך מער פֿון דעם, וואָס אידן האָבן אָפּגעהיט דעם שבת, האָט דער שבת אָפּגעהיט די אידן, און ווען ניט ער, וואָס האָט זיי צוריקגעקערט זייער „נשמה" און באַניט זייער גייסטיק לעבן יעדע וואָך, וואָלטן די ליידן פֿון די וואָכנדיקע טעג אַזויפֿיל דערדריקט זיי, ביז זיי וואָלטן ענדליך גע־זונקען צו דער לעצטער שטופֿע פֿון „מאַטעריאַליזם", און עטישע און גייסטיקע שיפֿלות...

* * *

עס איז ניטאָ קיין היסטאָרישער העלד, וואָס זיין גייסטיק גע־שטאַלט איז ניט אויסגעמאָלט געוואָרן אין פֿאָלקס־דמיון אין אַ בילד, וואָס איז לגמרי פֿארשידן פֿון דעם, וואָס ער איז געווען אין דער ווירקלעכקייט, און דאָס דאָזיקע פֿאַנטאַסטישע בילד, וואָס דאָס פֿאָלק האָט געשאַפֿן לויט זיינע באַדערפֿנישן און גייס־

טיקע נייגונגען, דאָס איז דער אמתער העלד וואָס זיין השפעה האלט שטענדיק אָן, צומאָלם פאר טויזנטער יאָרן, — און ניט דער קאָנקרעטער אָריגינאַל, וואָס האָט עקזיסטירט אַ קורצע צייט אין דער ווירקלעכקייט און דאָס פאָלק האָט אים לגמרי ניט געזען אזוי ווי ער איז געווען.

* * *

אָפטמאָל דערוועקט זיך ביי מיר א געדאנק ענליך צו דעם קייסר נירא: „הלואי וואָלט פון אונזערע כלל־טוער, וואָס זיינען פול מיט חכמה, געוואָרן בלויז איין כלל־טוער, וואָלט איך דעמאָלט געקאָנט זאָגן דעם דאָזיקן כלל־טוער פאר דער גאנצער וועלט: „דו ביסט א נבזה'דיקער קנעכט"...

* * *

איך האלט פון דעם כלל: דער וואָס האָט באמת אַ וואָסער ניט איז קלאָרן געדאנק, קען ער דערקלערן זיין תמצית און זיין יסוד אויך צו אנדערע אין עטליכע ווערטער און זאָגן: „דאָס איז די גאנצע תורה, און דאָס איבריקע איז אַ פירוש צו איר, גיי לערן". אָבער, אויב א מענטש זאָגט זיין חבר, נאָך פיל רייד און רמזים, אז דאָס אלץ איז מער ניט ווי אן הקדמה און, אַז די הויפּט־תורה איז באהאלטן אין זיין רענצל — קען איך זיך ניט באפרייען פונם ספק, וואָס דערוועקט זיך ביי מיר אין הארצן, צי ער האָט בכלל עפּעס וואָס צו זאָגן.

* * *

דער וואָס נעמט אויף זיך די אויפגאבע צו זיין אַ געזעל־שאפטליכער טוער דארף אין פאָרויס וויסן, אַז א מאָל וועט ער דארפן פארגעסן אַלע זיינע פערזענליכע ענינים און נאָכפאָלגן דעם באוואוסטן כלל: „דער שטאט האָט קיינע טאָכטער".

* * *

בכלל מוזן מיר, מיט באדויערן צוגעבן, אַז דער ציוניזם, צי ער וועט ברענגען די גאולה דעם פאָלק אָדער ניט — דאָס וועט די צוקונפט באווייזן; אָבער, אין דער געגנווארט, האָט ער פאָר־לויפיג אונז געבראכט זייער אַ שלעכטע מדה: אזא אומטאָלעראנץ,

וואָס אזוינס איז נישטאָ צווישן אַלע אנדערע סעקטעס ביי אידן.

* * *

אָט, למשל, דערמאָנסטו, אַז דו האָסט פאר זיי פאָרגעלייענט וועגן טאָלסטאָיען און געווים האָסטו אים געלויבט און ניט גע־טאדלט. און ער (טאָלסטאָי) האָט דאָך פיינט געהאט דאָס אידנ־טום בתכלית השנאה און אין א סך פון זיינע ביכער האָט ער זיך באמיט זיי צו דערנידערן ביז צו דער לעצטער מדרגה. אין זיין בוך וועגן דעם „נייעם טעסטאמענט" האָט ער זיך ניט אָפּגע־האלטן בכוונה אָדער אויס מאנגל אין וויסן — אויך פון גראָבע היסטאָרישע פעלשונגען. דאָס אַלץ איז כדי צו דערווייזן, אַז דאָס אידנטום איז אן אכזריות'דיקע און אומעטישע רעליגיע, און בלויז די קריסטלעכע עוואנגעלישע רעליגיע איז ריין און דער־הויבן. (פון א בריוו צו דר. מ. רייזין).

* * *

אין דער צייט, וואָס אין פארבינדונג מיט מיין ארבעט, אַלס רעדאקטאָר, איז מיר אויסגעקומען צו קומען אין מגע־ומשא מיט דער מערהייט פון די אידישע שרייבער, האָב איך אויסגעפונען זייער ארט לעבן און וויפיל עס זענען זייערע יסורים. און צו־מאָל פארגלייך איך זיך צו א וועכטער אויף א בית־הקברות, וואָס געפינט זיך תמיד צווישן מתים, זעט די טרערן פון די אומ־גליקלעכע און קען זיי ניט העלפן.

* * *

יעדנפאלס, ווען איך האָב געלייענט אין די צייטונגען, ווי אזוי פרוג האָט געלעבט צווישן אונזערע ליבע „אדעסער", האָב איך געקלערט — עס איז בעסער צו האנדלען מיט טיי, גאזע אָדער א וואָסער ס'ניט־איז האנדלסצווייג, איידער צו זיין אָפּ־הענגיק פון מעצענאטן, און באזונדערס — פון אונזערע מעצע־נאטן.

* * *

עס זענען פאראן מאָמענטן, וואָס איך זע אין מיר, אין דיר און אין נאָך אַזעלכע ווי מיר, ענליכעס צו דער סעקטע שרייבער פון דער אַלטער וועלט, בעת די אַלטע קולטור האָט מלחמה גע־האלטן, מיט אירע לעצטע כוחות, קעגן דער קריסטליכער רעליגיע. אלעמאָל, ווען מיר קומט אוים צו לייענען וועגן די דאָזיקע מענ־טשן, קען איך זיך ניט אָפּזאָגן פון דעם רעיון, אז מיר, אזוי ווי זיי האלטן מלחמה אומזיסט. דאָך באמי איך זיך מיט מיין גאנצן כוח אָנצוהאלטן מיין אמונה, ווייל איך וויים, אז איך וועל שטיין אויף מיין פּאָסטן ביזן לעצטן טאָג, ווען איך זאָל אפילו פארבלייבן דער איינציקער. (פון א בריוו צו דר. ש. בערנפעלד).

* * *

דער אידישער יובל איז געווען דער יום טוב פון דער צו־קונפט, דער יום טוב פון קנעכט, וואָס האָבן זיך באפרייט, פון אָרימע לייט, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט צו דער נחלה פון זייע־ערע עלטערן.. און דער נייער יובל, דער אייראָפּעאישער, איז אַ מצבה־אָנדענק אויפן עבר, אויף אַ לעבן, וואָס האָט שוין דער־פילט זיין אויפגאבע און וואָס גרייט זיך אָפּצוטרעטן זיין פלאַץ צו אנדערע... און „א אומה וואָס האָט איבערגעלאָזט אָן א מצבה־אָנדענק משה׳ס קבר״ — האָט ווידער אָנגענומען מיט ליבע די דאָזיקע נייע שאפונג, וואָס איז איר נאָענט לויטן נאָמען און ווייט לויטן גייסט, און ווייל זי האָט אָנגענומען דעם מנהג, היט זי אים פיל מער אָפּ ווי די אומות־העולם...

* * *

די אידישע ישועה וועט קומען דורך נביאים און ניט דורך דיפּלאָמאטן.

* * *

זיי ניט איבערקלייבערעש אינם אויסוואל פון דיינע פריינט, אָבער זיי פּאָרזיכטיק אינם אויסוואל פון דיינע פיינט.

* * *

מענטשן, זאכן און שאפן בליהען און וועלקן, דער אמת אָבער האַלט אָן פאר אייביק.

יעדער אָביעקטיווער אמת ענטהאלט אין זיך ניט קיין טאדל און ניט קיין טראַציקייט נאָר זאכן ווי זיי זענען אין דער ווירק־ליכטקייט.

* * *

נאָך פון קדמונים אָן האָט אונז געלערנט דער זקן הוראציוס, דער רוימער — ס'איז בעסער צו האַלטן יעדן מאנוסקריפּט אין זאק כאָטש פאר 9 יאָר צייט.

* * *

א סך ווייסן דעם ריכטיקן וועג, אָבער זייער ווייניק איז די צאָל פון די, וואָס זענען מסוגל צו גיין אויף אים.

* * *

אמעריקע וועט זיין דער צענטער פון אידנטום אין דער צו־קונפט.

* * *

אַ סך שונאים איז א סך כבוד — זאָגט אַ געווים שפּריכוואָרט.

* * *

די ענגלענדער האַלטן פון זייער אַ גוטן פּראַקטישן כלל: „צו האָפן פארן בעסטן, און זיך גרייטן פארן ערגסטן".

צו מיין באַדויערן האָבן מיר איבערגענומען פון זיי בלויז די ערשטע האַלב.

* * *

וואָס פשוטער און קלאָרערע דער אמת איז, אַלץ שווערער איז עס פארן רוב מענטשן אים אָנצונעמען.

* * *

א בית־הקברות מיט שיינע מצבות — דאָס איז דאָס גאנצע ענגלישע אידנטום.

*   *   *

דער זיג איז א געפערליך שיכרות, וואָס מאכט דעם זיגער אָפט מאָל פויל און אומעטיק.

*   *   *

„קען זיך אליין" — די דאָזיקע פארצייטיקע לערע, ווי יעדע עטישע לערע — איז ניט גענוג פארשטענדלעך פארן המון און דרינגט ניט אריין טיף אין די הערצער, ביז דאָס לעבן אליין קומט און לערנט דאָס אָן רייד און דערקלערונגען.

*   *   *

איך בין זיכער, אז אין משך פון נאָענטסטע 30־40 יאָר וועט דאָס לעבן זיין ווי א לאסט פאר יעדן איינציקן ביי וועמען עס איז נאָך פארבליבן א פונק פון מענטשליכן געפיל...

*   *   *

ווען מענטשן שטייען אויפן שוועל פון דער עלטער און אין דער טיפעניש פון זייער זעל הערט זיך די שטימע פון „קהלת" „הבל הבלים," „נישטיקייט פון נישטיקייטן, אלץ איז נישטיקייט," איז זיי זיבן מאָל טייערער יעדע זאך, וואָס דערמאָנט אין יענע גוטע יאָרן, די יאָרן פון גלויבן און האָפנונג, ווען זיי האָט זיך אויסגעדאכט, אז דער לעבנסוועג איז פארשפרייט מיט בלומען.

*   *   *

אויב דו זעסט א מענטשן, וואָס באמיט זיך צו באהאלטן זיינע פעלערן, זאָלסטו ניט זאָגן: דער דאָזיקער וויל, אז ער זאָל אויסזען בעסער ווי ער איז אין דער אמתן. אמאָל ווערט דאָס געטאָן, כדי מען זאָל ניט אויסזען ערגער, ווי מען איז אין דערווירקליכקייט. יעדער פילט ביי זיך, אז אן אייגענער פעלער זעט ביי א מענטשן אויס ווי א האָר, און א צווייטנס פעלער ווי א

בארג, ווײל א מענטש דאריבער באהאלטן זײן האָר, כדי אנדערע זאָלן זי ניט אָננעמען פאר א בארג...

* * *

אן ענגליש ווערט זאָגט: „א מענטש, וואָס ווערט געבוירן אין א שטאל, ווערט צוליב דעם ניט קײן פערד" און וואָס פאר אן אנדער וועלט וואָלטן מיר געהאט (און אויך מיר אידן אין איר), ווען אַלע זאָלן געדענקן דעם פשוטן אמת, אַז דאָס געבורט אין א שטאל מאכט ניט דעם מענטשן פאר אַ פערד...

* * *

ווען מענטשן זאָלן וויסן, ווי גרויס עס זענען די יסורים פון אַ מענטשן וואָס מאטערט זיך אַלע זײנע יאָרן אָנצובלאָזן זיך און מאכן אן אָנשטעל, כדי ער זאָל אויסזען ווי א גדול אין זײן קלײנלעכקײט — וואָלטן זײ ניט מקנא געווען א מענטשן, וואָס האָט זוכה געווען צו א קרוין וואָס פאסט אים ניט, נײערט זײ וואָלטן געזאָגט מיט רחמנות: „זעט, וואָס ס'איז געוואָרן פון דעם דאָזיקן אָרימען מענטשן, וואָס האָט ניט געוואָלט אָנערקענען זײן ריכטיקן פלאץ".

* * *

איך געדענק, אַז כ'האָב געלײענט ערגעץ־וואו, מיט יאָרן צוריק, דעם דאָזיקן אנעקדאָט: ווען אלעקסאנדער הומבאָלד האָט באזוכט פעטערבורג, איז ער געגאנגען זען די ערשטע טעכנישע שולע אין רוסלאנד, וואָס איז יעמאָלט געגרינדעט געוואָרן. ווען ער איז געקומען אהין, האָט דער שול־פארוואלטער אים געוויזן די שול־פּראָגראם, וואָס איז געווען פול מיט נעמען פון „וויסנשאפטן" אין אַלע צווײגן פון מאטעמאטיק, טעכניק און נאטורוויסנשאפטן.

הומבאלד האָט עטליכע מאָל איבערגעלײענט די פּראָגראם און געהאלטן זי אין האנט פאר א לענגערע צײט. ווען דער פארוואלטער האָט דאָס דערזען איז ער געוואָרן שטאָלץ בײ זיך און

געזאָגט: „האָט מיין הער, דער גרויסער געלערנטער, געזען אמאָל אזא פּראָגראם ווי אין אונזער שולע?" — ניט וועגן דעם טראכט איך, האָט הומבאלד געענטפערט, נאָר וועגן עפּעס אנדערש: — ווען איך האָב געלייענט די פּראָגראם, האָב איך געקלערט: וואָס פאר אַ גרויסער געלערנטער וואָלט איך געווען, ווען איך זאָל צום ווייניקסטן, וויסן אַ דריטל פון דעם, וואָס די תלמידים לער־נען אין דער שולע.

* * *

דיין טאָכטער האָט מיר דערציילט, אז איר רופט אָן איינע פון די גאסן אין תל־אביב נאָך מיין ליטעראַרישן נאָמען (אחד־העם א. ש.), האָב איך איר יעמאָלט געזאָגט אין אַ שפּאַס — ביז איצט האָבן ארץ ישראל אידן געשימפּט מיין נאָמען בלויז מיטן מויל, און איצט וועלן זיי אים אויך מיט די פיס טרעטן (פון א בריוו צו מ. ב. הלל הכהן).

* * *

ווען אחד־העם האָט זיך דערוואוסט, אז אוסישקין איז אויס־געקליבן געוואָרן אלס אָנפירער פון די ציונים אין יעקאַטערינאָס־לאַווער ראַיאָן, האָט ער צו אים געשריבן:

„קודם כל, באַגריס איך דיך מיט דיין אמט און דערביי פריי איך זיך אויך, וואָס אדעם גייט ניט אריין אין דיין ראַיאָן, ווייל יעמאָלט וואָלט איך באדאַרפט שטיין פאר דיר ווי אַ קנעכט פאר פאָרן האר...

* * *

מענדעלע האָט אמאָל געלייענט איינעם פון אחד־העמ'ס אר־טיקלען אין וועלכן ער שטרייכט אונטער די וויכטיקייט אין דעם באַדייט פונם „גייסטיקן צענטער" און געפונען דאָרט אייניקע שטעלן, וואָס האָבן אים אויפגערעגט. ווען איך בין אריינגעקומען צו אים, דערציילט ראַווניצקי, אין דער צייט פון זיין רוגזה, האָט

ער ניט געקענט קאָנטראָלירן זיך און אויסגעגאָסן זיין גאנצן צאָרן אויף אחד־העם׳ן מיט אַזעלכע ווערטער:

— גייסט, מיט גייסט בלויז איז דער מאן פארנומען, הימל און ערד און גייסט. תמיד רעדט ער בלויז און פארשפרייט צווישן אידן די תורה פון גייסט. רבונו של עולם, פעלט דען דעם אידישן פאָלק גייסט? דאכט מיר, אז דאָס דאָזיקע אייביקע פאָלק האָט שוין דערגרייכט צו דער מדרגה פון דעם, וואָס איז ניט קיין גוף און האָט ניט קיין געשטאלט פון קיין גוף.

און וואָס וויל ער נאָך? אדרבא, גייסט איז פאראן צווישן אידן איבערגענוג. און אַ איד אין אונזער צייט דארף זיך באמיען צו זיין אַביסל אויך אַ מענטש, א בעל גוף און אוועקשיקן דעם „רוח" — (אין העברעאיש מיינט „רוח" — ווינט און אויך גייסט) צו אלדע רוחות. (אויסצוג פון ראווניצקי׳ס בוך — „דור וסופריו").

* * *

מענדעלע פלעגט זאָגן: „איך און אחד־העם, מיר ביידע זענען אזוי ווי צוויי עלעקטרישע כוחות פאָזיטיווע אָדער נעגאטיווע, וואָס תמיד שטויסן זיי אָפּ איינער דעם אנדערן און דאָך זענען זיי ביידע פון איין סאָרט. (דאָרט)

* * *

איידער אחד־העם האָט פארעפנטליכט זיין עסיי „משה", האָט ער געהאלטן א פאָרטראג אויף דער טעמע מיט דעם זעלבן איני־האלט, אין קלוב „ביעסיעדע". צו דעם פאָרטראג זענען געקומען אלע אדעסער געלערנטע און שרייבער, צווישן זיי שמעון דובנאָוו און מענדעלע מוכר־ספרים. נאָכן פאָרטראג האָט דובנאָוו גע־פרעגט מענדעלען: — „ווי געפעלט אייך אחד־העמ׳ס „משה"? מענדעלע האָט אויף אים געוואָרפן א צארנדיקן בליק און געזאָגט: — ס׳שטייט געשריבן אין דער תורה: „און קיין מענטש ווייסט ניט זיין קבר". איך אָבער וויים יע, וואו משה איז באגראָבן. היינט

ביינאכט האָט מען אים מקבר געווען אין קלוב „ביעסיעדע" און דער קברן איז געווען אחד־העם.

מענדעלע איז געווען א געגנער פון אחד־העמ׳ס לערע וועגן „מרכז רוחני", דעם גייסטיקן צענטער.

ער פלעגט זאָגן: ווען איך קען, וואָלט איך אחד־העמ׳ן אויפ־געהאנגען אויף זיין רוחניות. נאָכדעם — האָט ער באלד צוגע־געבן — נאָכדעם וואָלט איך אים ארונטערגענומען פון דער תליה און אים מספיד געווען, ווי געהעריק, אָנווייזנדיק אויף דער גרויסער אבידה, וואָס אידן האָבן געליטן. (פון בוך „מדור דור", ברך ב׳)

* * *

אחד־העם וואָס איז אויף דער עלטער קראנק געווען האָט גע־האלטן אַ סעקרעטאר וועמען ער פלעגט דיקטירן זיין שריפטליכע ארבעט. א טאָג פאר זיין טויט, ווען ער האָט געפילט אז זיינע שעה׳ן זענען געציילטע, האָט ער גערופן זיין סעקרעטאר און אים געזאָגט:

היינט איז פרייטיק, די ענדע פון זעקס ארבעטסטעג, נא דיר מיין טייסטער און נעם פאר זיך דיין וועכנטליכן געהאלט.

צוליב וואָס טוט איר דאָס? — האָט דער סעקרעטאר, אַ דער־שראָקענער געזאָגט — מען קאָן דאָס אָפּלייגן אויף אן אנדער טאָג.

—ניין האָט אחד־העם ניט אָפּגעלאָזט — ס׳קען זיין אַז מאָרגן וועל איך שוין זיין אויפן עולם־האמת וויל איך נישט באקומען קיין שמיץ דערפאר, וואָס איך האָב עובר געווען אויפן געבאָט: „זאָלסט ניט לאָזן איבערנעכטיקן דעם לוין פון א געדונגענעם" (דאָרטן).

* * *

און איצט וועלן מיר איבערגיין צו זיין ביאָגראפיע, וואָס קען, געטיילט ווערן אין פיר פעריאָדן: א. זיין קינדהייט און יוגנט אין דאָרף, ב. די אדעסער פעריאָדע, ג. די לאָנדענער פעריאָדע, ד. זיינע לעצטע יאָרן אין ארץ ישראל.

ה.

# אחד-העמ׳ס קינדהייט און יוגנט-יאָרן אין דאָרף

אַ פּאָר באמערקונגען. דער ערשטער טייל אויטאָביאָגראפישע זכרונות פון אחד־העס׳ן, מיט וועלכע איך באנוץ זיך דאָ, איז צו־זאמענגעשטעלט פון „אלטע נאָטיצן", וואָס ער האָט פארצייכנט אין זיינע מיטעלע יאָרן, אין דער בלי־צייט פון זיין טאלאנט. זיי זענען דעריבער, לויט א באשטימטן כראָנאָלאָגישן סדר, צוזא־מענגעשטעלט, און דערצו אין זיין אייגנארטיקן צמצומדיקן סטיל.

דער צווייטער טייל, דאָגעגן, איז צוזאמענגעשטעלט פון „נייע נאָטיצן", וואָס ער האָט דיקטירט זיין סעקרעטאר, י. פּאָגרעבינ־סקין, זייענדיק גייסטיק און פיזיש זייער מיד. דעריבער זאָגט דער מחבר, זאָל ניט זוכן אין זיי ניט קיין כראָנאָלאָגישן סדר און ניט קיין אינערליכע פארבינדונגען צווישן די פאסירונגען".

אין מיין ארבעט באנוץ איך זיך — ביים איבערזעצן, פון העברעאיש, טיילן פון די דאָזיקע זכרונות — מיטביידע וואריי־אנטן,, אויסלאָזנדיק די חלקים, וואָס האָבן, לויט מיין מיינונג, קיין שייכות ניט צו אחד־העמ׳ס ביאָגראפיע, ווי אויך זיין טאָג־בוך, וואו ער באשרייבט זיינע איינדרוקן פון ארץ ישראל. דאָס טאָג־בוך לאָז איך אויס אויך דערפאר, ווייל ס׳איז מייסטנס צו טרוקן, פּראָטאָקאָל־מעסיק, מיט דער אויסנאמע פון אַ פּאָר שטעלן, וואָס איך זעץ איבער.

ליידער שילדערט דער מחבר אין זיינע זכרונות זיין לעבן בלויז ביז דער פעריאָדע וואָס ער האָט זיך באזעצט אין לאָנדאָן. איך וועל דעריבער זיך מוזן באנוצן מיט אנדערע מקורות צו דער־גענצן זיין ביאָגראפיע.

* * *

איך בין געבוירן געוואָרן אין יאָר 1856, אין דעם שטעטל סקווערע, איינע פון די פינצטערסטע ווינקלען צווישן די חסידישע געגנטן אין רוסלאנד.

אין יאָר תרכ״ח האָט מיין פאָטער גענומען אין ארענדע דאָס דאָרף גאפּטשינע, לעבן פּאָגראָבישטש, און מיר זענען אריבער־געפאָרן אהין. איך בין דאן אלט געווען קרוב צו צוועלף יאָר.

בעת מיר האָבן נאָך געוואוינט אין סקווערע, האָב איך זיך אויסגעצייכנט אין מיינע לימודים און מען האָט מיך געהאלטן פאר אַ פעהיג אינגל. און, ווען איך בין געקומען אין דאָרף אריין, דערוויטערט פון מיינע חברים און קינדער־שפּילן, האָב איך זייער געדורשט צו לערנען תורה, און דעריבער געלערנט בייטאָג און ביינאכט גמרא און פוסקים, אין אָנהויב מיט א מלמד, און שפּעטער אליין. און מיין ארבעט איז געקרוינט געוואָרן מיט דער־פאָלג אויף אזוי פיל, אז אין עלטער פון 16־17 יאָר בין איך באַ־וואוסט געוואָרן אלס גרויסער למדן. איך האָב דאן געענדיקט גאנץ ש״ס, און מיין טאַטע האָט געפּראווועט אַ גרויסע שמחה אינם טאָג פונם סיום.

אָבער צוזאמען מיט דעם האָב איך זיך אינטערעסירט אויך מיט דקדוק און תנ״ך, און, צייטנווייז, האָב איך אויך געלייענט די פילאָסאָפישע ספרים פון די שפּאניש־אידישע שרייבער.

די ווילדע אומגעבילדעטע מענטשן פון יענע געגנטן האָבן זיך באצויגן צו די דאָזיקע לימודים ניט נאָר ווי צו מינדערוויכ־טיקע זאכן, נאָר אויך ווי צו אַ געפערליכן סם. אָבער אזוי ווי מיין טאטע איז געווען אַן עושר, און אלס אזעלכער געהאט אַ סך פריינט, האָבן די חסידים דעריבער זיך באצויגן מיט אכטונג צו מיין תורה און ניט געקימערט זיך וועגן די טריף־פּסולן, וואָס איך האָב געלערנט. בלויז די גדולים צווישן זיי (ווי ר׳ שעפּטל הורוויץ פון בערדיטשעוו, איינער פון די ליבן צווישן די סאדיגורער חסידים) האָבן געוואגט צו דיסקוטירן מיט מיר וועגן די „אויסערליכע חכמות״ און זייער באציהונג צו דער תורה. און נאָך א סך וויכוחים ביזן ווייסן טאָג אריין זענען מיר זיך פונאנדערגעגאנגען, פארשטענדליך, יעדער מיט דעם, וואָס ער איז געקומען.״

* * *

אחד־העם איז געווען אַ לײַדנשאַפטליכער רויכערער נאָך פון זײַנע קינדער־יאָרן אָן. זײַן פאָטער וואָס איז געווען געגן דער דאָזיקער געוואוינהייט זײַנער, האָט אים דעריבער גענומען צום דעמאָלט באַוואוסטן גרויסן דאָקטאָר פּיראָגאָוו, וואָס האָט אים שטרענג פאַרבאָטן צו רויכערן.

„אָבער אַזוי ווי איך האָב געפילט, אַז עפּעס פעלט מיר, האָב איך גענומען זוכן צווישן טאַטנס ספרים און געפונען דאָרטן דאָס ספר „מלאכת מחשבת", אין וועלכן ס'זענען פאַראַן די הויפּט יסודות פון אַלגעבּרע און געאָמעטריע. איך האָב אַליין אָנגעהויבן לערנען די דאָזיקע לימודים און זיך זייער פאַראינטערעסירט מיט זיי, אויף אַזוי פיל, אַז איך האָב פאַרגעסן אין רויכערן . . .

כ'בין געווען אַזוי פיל פאַרטאָן אין די דאָזיקע לימודים, אַז, ווען איך פלעג אהיים קומען פון חדר, פלעג איך באַשרײַבן די טירן און פענצטער מיט אַלגעבראַאישע פאָרמולעס. מײַן זיידע, וואָס איז געווען אַ הייסער חסיד, האָט דאָס דערזען און זיך דערשראָקן, דענקענדיק, אַז איך פאַרנעם זיך מיט כּישוף־שריפטן. ער האָט דעריבער זיך געווענדט צו מײַן פאָטער און אים געזאָגט: „דו זעסט, וואָס דאָס קינד טוט, און ווייסטו וואָס דאָס איז? מען דאַרף ווענגן דעם חוקר־ודורש זײַן ביים מלמד"...

„דער סוף איז געווען, אַז מ'האָט בײַ מיר צוגענומען דאָס בוך „מלאכת מחשבת"...

„דערבײַ וויל איך צוגעבן, אַז מײַנע ערשטע ידיעות אין מאַטעמאַטיק האָב איך דערוואָרבן פון דעם דערמאָנטן בוך, וואָס האָט מיר אַ סך געהאָלפן אין מײַן שפּעטערדיקן שטודיום פון מאַטעמאַטיק".

„כאָטש איך האָב מײַנע בעסטע יאָרן פאַרבראַכט אין דאָרף, האָב איך דאָך דאָרטן ניט געלערנט ליב צו האָבן די נאַטור. דאָס הויז, וואו מיר האָבן געוואוינט, איז געווען זייער גרויס, מיט אַ סך צימערן. געווען איז עס אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסן גאָרטן, וואָס האָט דורכגעשניטן דאָס דאָרף. אָבער איך בין אַלע

מאָל געווען פאַרטאָן אין מיינע לימודים און ביכער, און האָב זיך ניט אינטערעסירט מיט דער ארומיקער שיינקייט פון דער נאַטור. מיין באַציאונג צו דער נאַטור איז באַשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס איך פלעג אָפּט שפּאַצירן צווישן די תבואה־פעלדער. און אויך די העברעאישע שירים, וואָס איך האָב געלייענט אין מיין „השכלה־פּעריאָד", וואָס האָבן באַזונגען נאַטור דערשיינונגען, האָבן ניט געהאַט קיין קראַפט מיך אָפּצעווענדן פון דעמדאָזיקן וועג, ווייל איך בין אינגאַנצן געווען פאַרטאָן אין מיינע לימודים"...

* * *

„מיינע חדר־יאָרן האָבן ניט לאַנג אָנגעהאַלטן. אין עלטער פון צען יאָר האָב איך געהאַט אַ באַזונדערן מלמד, וואָס האָט מיט מיר געלערנט בלויז תלמוד און פּוסקים... און איך געדענק: די האַרבסט־חדשים פון איינעם פון יענע יאָרן, ווי אַזוי איך פלעג גיין פון מיין פאָטער'ס הויז אין חדר אריין, פּעדערנדיק זיך אין פרימאָרגן, בעת ס'איז נאָך געווען פינצטער אינדרויסן, און די אַלע לימודים האָבן מיר געלערנט אינדערפריפאַר'ן דאַוונען. פאַרשטענדלעך, אַזוי ווי ס'איז געווען זייער פרי, האָב איך אינדערהיים גאָר ניט טועם געווען. בלויז שפּעטער אביסל האָט מען מיר געבראַכט פון דער היים אביסל וואַרימע שפּייז, וואָס איז אויפ'ן וועג קאַלט געוואָרן. דער רבי האָט געוואוינט בלויז אין איין צימער און דער קליינער טיש, אויף וועלכן מיר האָבן געלערנט, איז געשטאַנען לעבן בעט, וואו די די רביצין איז די גאַנצע צייט געשלאָפן. די קעלט אין חדר איז געווען שרעקליך"...

„מיין פאָטער פלעגט יעדן שבת מיך פאַרהערן אין מיינע לימודים, נאָכדעם ווי ער איז אויפגעשטאַנען פון זיין נאָכמיטאָג שלאָף. און, אין הסכם מיט זיין דערציערישער שיטה, פלעגט ער אַלעמאָל ענדיקן מיט דערלאַנגען מיר אַ פּאַטש אין באַק אריין, אַלצאיינס, צי איך האָב דאָס פאַרדינט, אָדער ניט. יעמאָלט פלעגט

מיין מאמע עפענען די טיר פון איר צימער און זאָגן צו אים: „שלאָגסט שוין ווידער! א דונער זאָל דיך דערשלאָגן!" און מיט דעם פלעגן זיך כמעט שטענדיק ענדיקן מיינע עקזאמענס"...

* * *

לײדער איז אחד־העם ניט געגוג אָביעקטיוו, לויט מיין מיי־נונג, אין דער שילדערונג פון זיין פאָטער, אין מאנכע שטעלן פון זיין אויטאָביאָגראפיע. עס פילט זיך אין די שילדערונגען א געוויסע פארביטערקייט פון א משכיל לגבי אַן אייפערדיקן חסיד. איך וועל דעריבער דאָ צוגעבן אַ פאסוס פון פראָפעסאָר י. קלויזנער'ס שילדערונג פון אחד־העמ'ס פאָטער (זע י. קלויז־נער, אחד־העם, לוח אחיאָסף, תרס"ד).

„איך האָב אים (אחד־העמ'ס פאָטער) פערזענליך געקענט און מיט אים א סך מאָל גערעדט. ער איז געוועזן אַ איד מיט א הדרת־פנים פון אַן אלטן תלמיד־חכם. ער איז געוועזן אַ גרויסער למדן און א פרומער איד. אמאָל האָב איך אים באזוכט אין זיין הויז און געזען ווי ער ווארפט אוועק מיט גרויס כעס אַ בוך. באלד האָט ער זיך געווענדט צו מיר און זיך באקלאָגט, אַז ער האָט אין דעם בוך געלייענט אַן ארטיקל, וואָס איז פול מיט פריידענ־קערישע מיינונגען.

„אָבער איך בין ברוגז ניט אויף די דאָזיקע אפיקורסישע מיינונגען — האָט ער מיר דערקלערט — „דער, וואָס זינדיקט, לויט זיין פארשטאנד, איז ניט קיין זינדיקער. מ'דארף גלויבן, מ'דארף לאָזן דעם יצר־טוב באהערשן דעם יצר־הרע. אָבער וואָס קען מען טאָן, אויב דער שכל איז מחייב דאָס, וואָס דער גלויבן איז ניט מחייב? אָבער, וואָס מיך פארדריסט יאָ, איז דער נוסח פון ארטיקל. דעם ארטיקל־שרייבער טוט לגמרי ניט וויי דאָס הארץ, ווען ער צושטערט מיינונגען, וואָס זענען אָנגענו־מען ביי אונזער פאָלק זינט הונדערטער דורות..."

אויך מיין אָשר (אחד־העם) — האָט ער מוסיף געוועזן מיט א שטיל קול וואָס איז געוועזן פול מיט צער — שרייבט זאכן,

מיט וועלכע איך בין בשום אופן ניט מסכים, אָבער אויף אַ מע־
סיקן אופן און פאַרזיכטיקן שטייגער און ניט מיט אַ שרייענדיק
קול מיט א ניצחון־געפיל; און איך פיל, אַז באמת טוט אים דאָס
הארץ וויי, אָבער וואָס זאָל ער טאָן, ווען זיין שכל ברענגט אים
צו אַזוינע מיינונגען..."

„פון דעם טאָג אָן, וואָס איך האָב געהערט די דאָזיקע זאכן
פון ר' ישעיהו גינצבורג, האָב איך אָנגעהויבן פארשטיין, פאר־
וואָס ער האָט זוכה געווען צו האָבן אַ זון, ווי אָשר גינצבורג".

פון מיין זייט וויל איך צוגעבן: — משמעות, אַז אחד־העמ'ס
פאָטער האָט מער פארשטאנען זיין זון, ווי דער לעצטער זיין
פאָטער...

* * *

„אין אַ קורצע צייט ארום (נאָכדעם ווי אחד־העם איז אנ־
טוישט געוואָרן אין חסידות א. ש.) בין איך געוואָרן אַ משכיל.
איינער אליין בין איך געווען אין מיין וועלטל אין דאָרף, אריבער־
שפרינגענדיק פון איין וועלט־באנעם צו א צווייטן. און די אלע
קפיצת־הדרך'ס זענען פאָגעקומען בלויז דורך ביכער, און קיי־
נער איז ניט געווען מיט מיר, וואָס זאָל מיר אָנווייזן מיין לעבנס־
וועג. א סך ספרים זענען געווען אין מיין צימער, דען מיין פאָ־
טער האָט מיר דערלויבט צו קויפן ספרים וויפיל מיין הארץ
גלוסט. פארשטענדלעך, אַז די ביבליאָטעק איז באשטאנען ס'רוב
פון הייליקע ספרים, פון דער אלטער און מיטלאלטער העברעאי־
שער ליטעראטור. אויך מיין פאָטער האָט ליב געהאט צו לייענען
השכלה־ביכער, אָבער בלויז די וויסנשאפטליכע און געשיכט־
ליכע צווישן זיי. און אויך צו די דאָזיקע ביכער האָט ער זיך
באצויגן ניט ווי צו ספרים, נאָר ווי צו שפילצייג.

אמאָל האָט ער געטראָפן אויף מיין טיש דאָס בוך „גן־נעול"
פון ר' נפתלי וויזל. וויזל'ען האָבן די חסידים געהאלטן
פאר אַ גרויסן אפיקורוס, ניט ווינציקער פון משה מענדלסאָנ'ען.
ווען מיין פאָטער האָט דערזען דאָס בוך ליגן אויפ'ן טיש,

איז ער פאר גרויס כעס רויט געוואָרן און אייניקע מינוטן האָט ער געשוויגן. נאָכדעם האָט ער זיך געווענדט צו מיר און געזאָגט אין אַ גאַנץ רוהיקן טאָן: „האָרך נאָר! דו ביסט מער ניט קיין אינגל און דעריבער מעגסטו לייענען, וואָס דו ווילסט. אָבער איין זאַך מוז איך דיר זאָגן: „איך קען ניט איינשטימען, אז דו זאָלסט אזעלכע ביכער האלטן אין מיין ביבליאָטעק. און, אויב דו ווילסט דוקא פארנעמען זיך מיט די דאָזיקע ספרים, וועל איך אוועקנעמען מיינע ספרים פון דיין צימער״. נאַטירלעך האָב איך אויף דעם ניט געקענט איינגיין, און איך האָב געמוזט צו־זאָגן, אז איך וועל מער ניט קויפן אַזעלכע „השכלה־ביכער״.

* * *

„אין יאָר תרל״ג האָב איך חתונה געהאט אָדער, ריכטיקער, מיינע עלטערן האָבן מיר חתונה געמאכט) און איך בין דאן אלט געווען ארום זיבעצן יאָר.

מיין פרוי האָט געשטאמט פון דער ליובאוויטשער גזע (פון די שניאורסאָנס), פון פאָטער׳ס צד, און פונם טשערקאסער רבי׳ן פון דער מוטער׳ס צד.

דער דאָזיקער גרויסער יחוס איז אויף אזוי פיל געפעלן גע־וואָרן מיינע עלטערן, אז זיי האָבן פארגעסן אליין צו פאָרן אָדער שיקן עמיצן אַנדערש אין דער שטאָט, וואו די כלה האָט גע־וואוינט, כדי אויסצוגעפינען צי זי איז ניט קיין בלינדע, חלילה, אָדער אן אָהנהאַנטיקע א. ד. ג., דען וואָס נאָך פאר אַ גרעסערער כבוד קען זיין פאר א חסיד ווי צו מתחתן זיין זיך מיט אזעלכע צדיקים? אָבער דאָס מאָל איז גראָד געווען אַ גוטער צופאל, און די כלה איז געווען ניט קיין בלינדע און ניט קיין אָהנהאַנטיקע, נייערט אַ פשוטע אידישע טאָכטער, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין קדושה און טהרה, און וועלכע האָט געוואוסט ווי אזוי צו דאווענען דריי מאָל אַ טאָג און אויך געוואוסט אנדערע זאכן, וואָס אַ אידישע טאָכטער דארף וויסן. און וואָס נאָך מער?

אָבער די גאַנצע קדושה, אין וועלכער מיינע עלטערן האָבן

זיך געפּלייסט מיך צו דערציען, האָט גאָר ניט געהאָלפן. און, אין די ערשטע יאָרן נאָך מיין חתונה, האָב איך א סך נאָכגע־קלערט וועגן די פארשיידענע צווייגן פון דער אידישער רעליגיע און דער קריטישער און אנאליטישער גייסט, וואָס איך באַזיץ, האָט זיך אין מיר דערוועקט און געמאַכט אַ חורבן אין מיין גייסטיקער וועלט. זעלבסטפארשטענדלעך, אַז איך האָב אָנגע־הויבן לייענען השכלה־ביכער, אַז איך האָב אויך אָנגעהויבן שרייבן לידער און „מליצות”, אָנשטאָט דרשות און פּלפּולים, וואָס איך האָב פריער געשריבן; אָבער צו מיין גליק, האָב איך זיך ניט דערוועגט צו שיקן מיינע „ווערק” צו אַ וועלכער ס׳ניט איז העברעאישע שריפט, און אַזוי ארום בין איך ארויסגעקומען בשלום פון יענע פּעריאָדע, און די „ליטעראַטור” פון מיין יוגנט האָט ביז איצט קיינער ניט געזען. זי האָט דעריבער ניט פאר־שעמט מיין עלטער.

די העברעאישע השכלה איז, כידוע, געווען בלויז אַן איבער־גאַנג צו דער וועלטליכער השכלה, און די מערהייט פון אונזערע שרייבער האָבן אין דעם געזען דעם איינציקן און ריכטיקן ציל פון זייער גאַנצער ארבעט. און עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, אַז אויך איך בין ענדליך אריבער אויף דער „צווייטער זייט” — און אָנגעהויבן לערנען רוסיש און אויך דייטש.

מיינע ידיעות אין די דאָזיקע שפּראַכן ביז דאַן זענען באַ־שטאַנען אין דעם ביסל, וואָס איך האָב צופעליק געלערנט. דען מיינע עלטערן האָבן מיך געלערנט בלויז תלמוד און פּוסקים. דעם רוסישן אלף־בית האָב איך זיך אויסגעלערנט, ווען איך בין קוים אכט יאָר אלט געווען — פון די שילדן אויף די קלייטן, אין מיין געבורטסשטעטל, וואָס האָבן געצויגן מיין אויפמערק, ווען איך פלעג גיין אין חדר אריין”.

אַנדערע אינגלעך פון פּשוטע עלטערן האָבן אחד־העמ׳ען געהאָלפן זיך אויסלערנען לייענען רוסיש, הגם זיין פאָטער איז געווען שטאַרק געגען דעם, אַז ער זאָל לערנען רוסיש, ווייל ער

האָט געהאט בקבלה פון אַ חסידישן רבי'ן, אַז די צורה פון די גויאישע אותיות מאכט טמא די אויגן.

„דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב באזוכט ווארשע בין איך אַלט געווען 22 יאָר.איך האָב געהאט גרויס חשק צו זען די ווארשעווער משכילים, און באזונדערס דעם אַלטן העברעאישן שרייבער א. ב. גאָטלאָבערן, וואָס האָט דעמאָלט דאָרטן געוואוינט און אַרויסגעגעבן זיין זשורנאַל „הבוקר אור", וואָס איך בין געווען איינער פון זיינע לייענער און אבאָנענטן. מיין פאָטער האָט מיר דאָס דערלויבט מיט'ן תנאי, אַז איך זאָל אין הויז ניט האַלטן דעם „השחר", ווייל דאמאָלט האָט מען געהאַלטן סמאָ־לענסקינ'ען און זיין זשורנאַל אַלס דעם הויפּט קוואַל פון אַפּי־קורסות. אין ווארשע האָב איך געהאט בלויז איין באַקאַנטן, דער באַוואוסטער שרייבער א. י. שאַפּיראָ... ער האָט מיך איינ־געלאַדן פאַר אַ באזוך אין זיין הויז אין אָוונט און דאָרטן האָב איך באגעגנט כמעט אַלע ווארשעווער משכילים... וועלכע האָבן אויף מיר, פאַרשטייט זיך, געקוקט פון אויבן אַראָפּ און איך האָב ביי זיי אויסגעזען ווי היישעריק און אזוי האָב איך אויך ביי זיך אויסגעזען.

איינער פון זיי — ר' ישכר בר' הלוי איש הורוויץ, אַ באַ־וואוסטער דיכטער אין יענע יאָרן — האָט געקוקט אויף מיר און זיך אינדערהויך געווענדט צום בעל־הבית מיט אַ פראַגע: „ווער איז דאָס דער יונגערמאַן?" און איך בין דאַן ניט געווען ניט קיין שרייבער און ניט קיין באַוואוסטער מענטש אין אַלגעמיין, און דעריבער האָט דער בעל־הבית ניט געקענט געפינען פאַר מיר קיין באַזונדער טיטול, און ער האָט געענטפערט גאַנץ פּשוט:

— דאָס איז אַ יונגערמאַן פון דער פּראָווינץ, וואָס קויפט דאָ ביכער.

דער דיכטער האָט אויף מיר געקוקט אַ ווײַלע און געזאָגט מיט ביטערקייט: „שפּעטער אביסל וועלן מיר ניט האָבן אפילו אַזעלכע יונגעלייט"... דער קאָמפּלימענט איז מיר נאטירלעך

ניט געפעלן געווען, אָבער איך האָב געשוויגן און גאָר ניט געענטפערט".

„דעם אָוונט האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מאָרגן זאָלן מיר, איך און דער בעל־הבית, גיין אין רעדאַקציע פון „הבוקר אור" צו באַגעגענען זיך דאָרטן מיט גאָטלאָבער׳ן. און אַזוי איז געווען. דעם צווייטן טאָג זענען מיר געגאַנגען צום זקן. ער האָט געוואוינט אויפ׳ן אויבערשטן שטאָק, אין אַ הויכע הויז, און ביז מ׳האָט געקענט צוקומען צו זיין וואוינונג, האָט מען באַדאַרפט קלעטערן אויף אַ סך פינצטערע און ניט איבריק זויבערע טרעפּ. ענדליך זענען מיר אַריינגעקומען אין אַ קליין און פינצטער צימער, וואו ס׳איז כמעט קיין מעבל ניט געווען, אויסער אַ טיש, אַ שטול און אַ בעט, אַ צובראָכענע און ניט זויבערע, אַזוי, אַז ס׳איז פאַר מיר געווען ניט אָנגענעם צו זעצן זיך אויפ׳ן בעט, ווי דער בעל־הבית האָט מיר געבעטן. די איינצלהייטן פונם שמועס געדענק איך ניט, אָבער דער זקן אַליין, וואָס איז געווען הויך און אימפּאָזאַנט, האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיפן רושם. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און געזוכט, וואו עס געפינט זיך ערגיץ די רעדאַקציע און זי ניט געפונען. אַזוי ווי איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטן און געפרעגט וועגן דעם ביים זקן, האָט ער אַרויפגעלייגט זיינע ביידע הענט אויפ׳ן טיש און מיט אַ ביטערן געלעכטער געענטפערט: „אָט־אָ־דאָ איז די רעדאַקציע!" איך בין זייער צוטומלט געוואָרן, ווען איך האָב דאָס דערהערט, ווייל אין מיין דימיון האָב איך מיר פאָרגעשטעלט די רעדאַקציע גאָר אַנדערש".

גאָטלאָבער האָט דאַן פאַרעפנטליכט זיינע זכרונות אין המשכים אין „הבוקר אור" און וועגן זיי האָב איך ביי אים גע־פרעגט: „פאַרוואָס דערציילט ער בלויז וועגן אַנדערע און דער־ציילט גאָר ניט וועגן זיין פערזענליך לעבן?" אויף דעם האָט ער מיר געענטפערט: „אין מיין געבורטס־שטעטל איז געווען אַ פרוי, וואָס איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און האָט אַ סך גערעדט

פון היץ, אַלץ וועגן איר חבר׳טע, אַז יענע האָט אזוי און אַזוי געטאָן א. ז. וו. ווען זי איז געזונט געוואָרן האָט מען ביי איר געפרעגט, פארוואָס האָט זי גערעדט, בשעת זי האָט געהאט היץ, בלויז וועגן איר חבר׳טע און ניט וועגן זיך אַליין. אויף דעם האָט זי געענטפערט: „ווען יענע וועט ליגן אויף טיפוס און וועט רעדן פון היץ, וועט זי געוויס רעדן און דערציילן אַ סך זאכן וועגן מיר״.

* * *

נאָך איין באגעגעניש געדענק איך אין יענע טעג, וואָס איז פאָרגעקומען אין בוך־קראָם פון י. שאפּיראָ: א יונגערמאַן, ביי 16־17 יאָר אַלט, איז אריינגעקומען אין קראָם און שאפּיראָ האָט נביאות געזאָגט וועגן אים, אַז ער וועט זיין אַ גרויסער עלוי. דאָס איז געווען ר׳ נחום סאָקאָלאָוו, אָדער דוד פרישמאַן. צום באַדויערן, געדענק איך ניט, ווער פון זייביידן איז געווען דער יונגערמאַן, וואָס איך האָב דעמאָלט געזען. אַלנפאַלס אָבער האָט דער בעל־הבית זיך ניט טועה געווען, ווען ער האָט אים פאר־רעכנט פאר איינעם פון די צוקונפטיגע גדולים.

בכלל דאַרף איך זאָגן, אַז די חברה משכילים אין ווארשע האָט אויף מיר ניט געמאכט קיין איבעריק אָנגענעמען איינדרוק. און, ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט אהיים, האָב איך געפילט, אַז מיין ליבע צו דער העברעאישער השכלה איז אַ סך קלענער געוואָרן. פון דאַן אָן האָב איך זיך מער אָפּגעגעבן מיטן שטודיום פון אייראָפּעאישע שפּראכן, אין וועלכע איך האָב געלייענט די וויכטיקע ביכער, וואָס זענען אין זיי געשריבן, כדי צו פאר־פאָלקאָמענען מיין בילדונג, ווייל העברעאיש האָט ניט געשטילט מיין גייסטיקן הונגער.

* * *

„אין יאָר תרל״ח האָב איך באזוכט אָדעס, צום ערשטן מאָל, וואו איך האָב זיך באקענט מיט א יונגענמאַן, וואָס איז געווען באהאוונט אין דער רוסישער ליטעראַטור און, פארשטייט זיך, אַז

אין מיינע אויגן בין איך געווען ווי אַ פליג קעגן אים; אָבער, ווי עס ווייזט אויס, האָט ער זיך גאָר אנדערש באַצויגן צו מיר, ווייל באַלד נאָך אונזער ערשטע באַגעגעניש האָט ער געפונען פאַר נויטיק צו קומען צו מיר יעדן טאָג און שמועסן מיט מיר וועגן פאַרשיידענע ענינים. ער האָט אויך געבראַכט מיט זיך די ווערק פון פּיסאַריעוו, וואָס די יוגנט האָט דאַמאָלט געהערן גע־לייענט. מיר האָבן דאַמאָלט צוזאַמען געלייענט פאַרשיידענע קריטישע אַרטיקלען פון די דאָזיקע ווערק. איך האָב דאַמאָלט געגלויבט, אַז מיינע אויגן זענען געעפנט געוואָרן, און אַז אין די אַרטיקלען ווערט אַרויסגעבראַכט דאָס לעצטע וואָרט פון מענטשליכער אויפקלערונג צו וועלכער מיין גייסט האָט גע־שטרעבט . . .

„די דאָזיקע שמועסן און אויך פּיסאַריעוו׳ס אַרטיקלען האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף מיר — איך האָב דאַמאָלט אָנ־געהויבן קלערן וועגן דעם, אַז איך זאָל זיך פאַרברייטן אין גימנאַזיע־לימודים, כדי צו באַקומען אַ מעגליכקייט צו שטודירן שפּעטער אין אוניווערסיטעט. ווען איך בין אהיים געקומען, האָב איך אָנגעהויבן פלייסיק שטודירן לאַטיין, מאַטעמאַטיק, און אַנ־דערע לימודים. און אַלץ האָב איך אַליין געלערנט, אָן אַ לערער׳ס הילף. אָבער וויפיל איך האָב זיך ניט באַמיט, איז פאַר מיר שווער געווען פאַרוואַנדלט צו ווערן פון אַ מאַן אין אַ קינד, וועל־כער לערנט זאַכן, וואָס האָבן אין מיינע אויגן אויסגעזען ווי נאַרישקייטן".

„ווען עס זענען פאַראיבער אַ יאָר אָדער צוויי, בין איך גע־קומען צו דער מסקנא, אַז איך האָב פאַרשפּעטיקט און, אַז מיר וועט זיך קיינמאָל ניט איינגעבן צו פאַרשפּענדן מיין צייט מיט נאַרישקייטן, כדי אָנצוקומען אין אַ רוסישער שולע. דאַמאָלט האָב איך אָנגעהויבן קלערן וועגן די אויסלענדישע הויכשולן, ווייל איך האָב געגלויבט, אַז דאָרטן איז ניט פאַראַן קיין פּלאַץ פאַר אַזעלכע קליינקייטן".

„אָבער אויך די דאָזיקע פּלענער זענען ניט פארווירקליכט געוואָרן איבער פארשיידענע סיבות. אינמיטן דערינען זענען פאָרגעקומען די „דונערן" (די רוסישע פּאָגראָמען, אין יאָר 1881 א. ש.) און אין אַ משך פון עטלאכע חדשים בין איך צוטומלט געווען. מיין גייסטיקע וועלט האָט זיך ווידער אָנגעהויבן צו וואק־לען און נייע געדאנקען האָבן פארנומען דעם פּלאץ פון די צע־שטערטע. פאר אַ געוויסער צייט האָב איך פארגעסן אין אַלע שולן און וויסנשאפטן, וואָס ווערן געפּאָדערט אין זיי — און פארנומען זיך מיט מיין חשבון־הנפש וועגן אַלץ, וואָס איך האָב געזען און וואָס איז פאר מיר געווען ווי אַ חלום אויף דער וואך. צו דעם זענען אויך געווען פּריוואטע סיבות, וואָס האָבן מיר גע־שטערט צו פארלאָזן דאָס דאָרף... און אָט אזוי איז אָנגעקו־מען דאָס יאָר תרמ"ב און איך בין אלט געוואָרן זעקס־און־צוואנ־ציק יאָר".

דאן האָב איך באשלאָסן צו פארווירקליכן מיין טרוים. אינם ווינטער פון דעם יאָר בין איך אוועקגעפאָרן שטודירן קיין ווין. דאָס הייסט אַזוי האָב איך געדענקט, אָבער איך האָב זיך ניט דערוואגט דאָס זאָגן צו מיין פאָטער און מיין פאמיליע, ווייל איך האָב אין פאָראויס געוואוסט, אז זיי וועלן מיך ניט לאָזן אָפּפאָרן. דעריבער האָב איך זיך דערלויבט צו זאָגן „לשם מצוה" אַ ליגן, אז איך פאָר בלויז אויף אַ האלב יאָר צייט, כדי זיך צו פארפאָלקאָמען אין מיין שטודיע פון שפּראכן"...

געקומען קיין ווין, האָב איך דאָרטן פארווײלט בלויז אַ צוויי־דריי וואָכן און צוריקגעקומען אהיים. די ריכטיקע אורזאך איז געווע די שלעכטע אייגנשאפט,וואָס איך באזיץ, און וואָס האָט מיר אלע מיינע יאָרן געשטערט, דאָס איז: דער מאנגל פון אמונה אין מיינע כוחות און אין מיינע מעגליכקייטן. א סך גרויסע און וויכטיקע רעיונות זענען געבוירן געוואָרן ביי מיר אין קאָפּ, וואָס זענען ניט פארווירקליכט געוואָרן בלויז צוליב פאָלגנדער אור־זאך: ווען איך האָב נאָכגעקלערט וועגן די באַדינגונגען, וואָס זיי־נען נויטיק צו פארווירקליכן די דאָזיקע רעיונות, האָב איך ניט

געגלויבט, אַז איך וועל זיין פעהיק דורכצופירן אַזעלכע גרויסע זאכן. אויך דאָס ביסל, וואָס איך האָב געטאָן אויפ׳ן פעלד פון ליטעראטור און געזעלשאַפטליכער ארבעט, וואָלט איך קיינמאָל ניט געווען געטאָן, ווען ניט אַן אויסערליכער הויפּט־שטויס, וואָס האָט מיך געצוואונגען צו מאכן די ערשטע שריט, כמעט דורך צוואנג. און בלויז נאָכדעם, וואָס די דאָזיקע שריט זענען גע־מאכט געוואָרן און, צו מיין דערשטוינונג, האָב איך געזען, אַז ניט געקוקט אויף מיינע ספיקות אין מיינע פעהיקייטן צו טאָן וויכטיקע זאכן, האָב איך דאָך געטאָן און מצליח געווען — בלויז דעמאָלט זענען מיינע הענט געשטארק געוואָרן און איך בין מיט זיכערהייט געגאנגען אויף מיין וועג״.

אַזוי ווי ער איז ניט דערמוטיקט געווען צו שטודירן האָבן זיינע ספיקות ווידער זיך פארגרעסערט און ער האָט געקלערט: — „איך בין ניט דער מענטש, וואָס איז פעהיק צו אזא שווערער ארבעט, צו וואוינען א סך יאָרן אליין אין אַ פרעמדער שטאָט, צו זיין אַ סטודענט צוזאמען מיט „כל הנערים״, בעת אינדער־היים האָב איך אַ פרוי מיט אַ טאָכטער און בקרוב ווער איך דריי־סיק יאָר אלט. איך בין דעריבער געקומען צו דער מסקנא, אַז ס׳איז בעסער ניט אָנצוהויבן לערנען, איידער צו מאטערן זיך אַ האַלב יאָר צייט אין ווין״.

אָבער, ווען איך בין אהיים געקומען, האָב איך געפילט ווי פיל דאָס דאָרפס־לעבן האָט מיר דערעסן... „איך האָב דערי־בער ווידער אָנגעהויבן טראכטן וועגן אַ רייזע קיין אויסלאנד. און אין די קומענדיקע צוויי יאָר האָב איך איינמאָל באזוכט בערלין און איינמאָל ברעסלוי און נאָכאמאָל ווין. און פון די אלע רייזעס בין איך צוריקגעקומען אהיים מיט א צובראָכן הארץ און שרעקליכע ווייטאָקן.

די דאָזיקע יאָרן זענען געווען די ערגסטע אין מיין לעבן. בייטאָג האָב איך קיין רו ניט געפונען פאר מיין געמיט, און ביינאכט האָב איך ניט געקענט שלאָפן. איך האָב דעריבער אַרומ־געוואנדלט ווי א שאָטן און ס׳איז קיינער ניט געווען פאר ווע־

מען אויסצוגיסן מיין הארץ און וואָס זאָל מיר פארשטיין. אלע לייט, וואָס האָבן מיט מיר צוזאמען געוואוינט זענען שטענדיק געווען פריילעך און מונטער, און בלויז איך בין געווען אומגליק־לעך, ניט קוקנדיק אויפ'ן גאנצן ארומיקן רייכטום און לוקסוס. און קיינער האָט מיך ניט פארשטאַנען. דען ווי אַזוי קענען אידן סוחרים באגרייפן, אַז א בן־יחיד, פון רייכע עלטערן, זאָל זיך פילן אומגליקלעך, בעת ער האָט אַ פולן בייטל געלט, און אלץ אין וואָס ער נויטיקט זיך באַזיצט ער?

ז

# אין אדעס

אזוי ווי איך האָב געזען, אַז אַלע מיינע פּלענער צו שטודירן
גיבן זיך ניט איין, האָב איך באשלאָסן צום וויניקסטן, זיך צו
באַפרייען פונם אייזערנעם שמעלץ־אויוון, דאָס הייסט פארלאָזן
דאָס דאָרף און זיך באזעצן אין אַ גרויסער שטאָט, כדי צו באַ־
שעפטיקן זיך דאָרטן מיט האנדלען און אין דער זעלבער צייט
לעבן צווישן אויפגעקלערטע מענטשן.

דעריבער האָב איך, נאָך אַ נייעם קאמף מיט די ארומיקע,
זיך באזעצט, אין יאָר תרמ״ד (1886) אין אָדעס. דאָרטן האָט
זיך פאר מיר אָנגעהויבן אַ ניי לעבן. פון איין זייט, האָבן זיך
פאר מיר געעפנט נייע קוואַלן פאר דער פארפאָלקאָמונג פון מיין
בילדונג און כ׳האָב אויך מער ניט געפילט קיין מאנגל אין בי־
כער. אין אַ קורצער צייט האָב איך זיך אויסגעלערנט פראנ־
צויזיש און ענגליש אויף אזוי פיל, אז איך האָב געקענט לייענען
ביכער אין די דאָזיקע שפראכן; און פון דער אַנדערער זייט, בין
איך אויך צוגעצויגן געוואָרן צו געזעלשאפטליכע ארבעט און
אַזוי ארום האָב איך געפונען אַ פּלאַץ, וואו איך האָב געקענט
ארבעטן פאר דעם אידעאַל, וואָס האָט מיך זייער אינטערע־
סירט אין די לעצטע יאָרן. ווייל אָדעס איז דאמאָלט געווען אַ
וויכטיקער צענטער פון דער „חיבת ציון באוועגונג״ און אַלץ,
וואָס איז מיט איר פארבונדן. און, ווען איך האָב זיך אָנגע־
שלאָסן אָן די „חובבי־ציון״, האָב איך זוכה געווען צו דערוואר־
בן זיך א נאָמען צווישן זיי או צו נעמען אָן אָנטייל אין אלע זיי־
ערע טעטיקייטן. אין דעמדאָזיקן יאָר האָבן די פארשיידענע
פאראיינען זיך פאראייניקט אין אין אגודה, וואָס איז אָנגעפירט
געוואָרן פון דר. פינסקער ז״ל. אויך איך בין אויסגעקליבן גע־
וואָרן אין דעם קאָמיטעט און יעדן דינסטיק פלעגן מיר זיך פאר־

זאמלען אין דאָקטאָר׳ס הויז און דאָרטן פארהאנדלען וועגן יושב ארץ־ישראל. די דאָזיקע אסיפות האָבן אויף מיר געמאכט אַ טיפן רושם, באזונדערס אין אָנהויב, ווייל ביז דאמאָלט האָב איך ניט געהאט קיין געלעגנהייט צו פארברענגען גאנצענע שטונדן אין דער געזעלשאפט פון אַזעלכע געבילדעטע מענטשן. פארשטייט זיך, אז די ערשטע צייט בין איך געווען שעמעוודיק און מיט דאָרשט געטרונקען יעדעס וואָרט, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון די חברים, ווי עס פאסט פאר אַ „דאָרפסמאן". ביס־לעכווייז אָבער איז מיין שרעק פארשוואונדן, און איך האָב איינגעזען און זיך איבערצייגט, אז אויך איך, מיט מיין אָרימען שכל, קען אמאָל עפּעס מחדש זיין, און, אז ניט אלץ, וואָס די „שטאָטישע" דענקען, איז ריכטיק. פון דאמאָלט אָן בין איך געוואָרן איינער פון די רעדנער, און ניט תמיד גערעדט אומזיסט.

אין עינער צייט, האָט אין פארבינדונג מיט דעם רעיון פון דער קאטאָוויצער אסיפה, זיך אָנגעהויבן אַ ניי לעבן אין אונזער קאָמיטעט. דען דר. פינסקער האָט אָנגעהויבן ענערגיש אַרבעטן (וואָס ביז איצט האָט דאָס ניט פאסירט מיט אים) פאר דער פארווירקליכונג פון גרויסע צילן אויף דער קאָנפערענץ. דעריבער זענען אַלע אונזערע זיצונגען געווידמעט געווען צו דער באהאנדלונג פון וויכטיגע פראגן; און די דיסקוסיעס זענען געווען לאנגע און היציקע. באזונדערס האָבן מיר זיך געהיצט, ווען דער דאָקטאָר האָט פאר אונז פאָרגעלייענט זיין פּאָרטראג, וואָס ער האָט צוגעגרייט פאר דער קאָנפערענץ און וועלכן ער האָט נאָכדעם געהאלטן, ווען ער, אַלס פּאָרזיצער, האָט געעפנט די קאָנפערענץ.

אין דעם רעפעראט האָט ער זיך באמיט פאָרצושטעלן די קאָלאָניזאציאָנס פראגע פון אַן אלגעמיין מענטשליכן שטאנדפּונקט און אינגאנצן באהאלטן איר נאציאָנאלן ציל. זיין מאָטיוו איז געווען, אַז אויף אזא אופן וועט אים געלינגען צוצוציהען צו אונזער ארבעט אונזערע מערב־ברידער; ווייל, ווען זיי וועלן הערן, אַז די באוועגונג איז פארבונדן מיט אידישן „נאציאָנא־

ליזם", וועלן זיי זיך אָפּקערן פון איר. אָבער אייניקע חברים פונם קאָמיטעט און איך בתוכם האָבן אויף דעם ניט מסכים געווען. דעריבער זענען פאָרגעקומען אַ סך וויכוחים צווישן אונז, וואָס האָבן דוכט זיך מיר, אָנגעהאַלטן אייניקע וואָכן. ביז מען האָט ענדלעך געענדערט אייניקע פראַזן אויף אַנדערע, ווי אַ פּשרה צווישןביידע מיינונגען. און אַזוי ווי יעדע פּשרה האָט זי ניט צופרידענגעשטעלט ניט די רעכטע און ניט די לינקע"...

* * *

אין די ערשטע יאָרן פון מיין באַזוכן זיך אין אָדעס פלעג איך באַזוכן, כמעט יעדן טאָג, דאָס הויז פונם קאָמיטעט פאַר ישוב ארץ־ישראל, וועמענס הויפּט סעקרעטאַר איז דעמאָלט געווען משה לייב לילענבלום. איינמאָל — און פּאַסירט האָט דאָס בעת די שאַרפע וויכוחים, וואָס זענען פאָרגעקומען צווישן מיר און ר׳ משה־לייב׳ן וועגן פאַרשיידענע ענינים — בין איך געזעסן אין הויז פונם ועד צוזאַמען מיט לילענבלום׳ען און געשמועסט וועגן אַ געוויסן ענין. קומט צו צו אונז אַ איד פון דער פּראָווינץ, וואָס איז, דוכט זיך מיר, געווען דער פּאָרזיצער פון די חובבי־ציון אין זיין שטעטל, און ווענדט זיך צו אונז מיט די דאָזיקע ווערטער: „אַנטשולדיקט מיר רבותי, אויב איך וועל אייך פרעגן אַ פראַגע: „מיר, פּראָווינציאַלן, דענקען, לויטן וכוח צווישן אייךביידן אין „המליץ", אַז איר זענט בלוטיקע שונאים צווישן זיך און אָט זע איך, אַז איר זיצט דאָ און שמועסט גאַנץ פריינטליך צווישן זיך. אויב אַזוי קענט איר דאָך קומען צו אַן אויסגלייך וועגן אייערע שטרייט־פראַגעס צווישן זיך, אויף אַ פרידליכן אופן, אָט־דאָ לעבן פענצטער, טאָ צו וואָס זשע פאַרדרייט איר אונזערע, לייענערס, די קעפּ מיט אייערע אַרטיקלען אין די צייטונגען?"...

* * *

אין יאָר תרמ"ט בין איך צופעליק געוואָרן אַז העברעאישער שרייבער, וועגן וועלכן איך האָב ביז דאַן ניט געטראַכט. און

פּאסירט האָט דאָס אָט ווי אזוי: חול־המועד סכות פון יענעם יאָר האָבן די אָדעסער משכילים אָפּגעהאלטן אַן אסיפה און באַשלאָסן צו שיקן אַ באגריסונג צום געלערנטן שרייבער ר׳ שמואל יוסף פין, וועמענס יובילײ מען האָט דאמאָלט געזאָלט פייערן. אייניקע אָדעסער שרייבער האָבן אָנגעשריבן באגריסונגען און אויך איך האָב דאָס געפּרובירט טאָן, און גראד איז מײנע געווען שענער פון אלע אנדערע. בן־דוד, דער מיטארבעטער פון „המליץ", האָט געפונען פאר נויטיק צו דרוקן די דאָזיקע „פרוכט פון מיין פען" און דערמאָנען דערביי מיין נאָמען. מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער, ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן קריגערייען צווישן צעדערבוים׳ען און י. ל. גאָרדאָנ׳ען, האָבן די אָדעסער משכילים באשלאָסן צו פארעפנטליכן אַ פּראָטעסט קעגןביידן דערפאר, וואָס זיי האָבן פארשוועכט דעם כבוד פון דער ליטעראטור, און דאָס שרייבן פונם פּראָטעסט איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן. איך האָב אים אָנגעשריבן און ער איז פארעפנטליכט געוואָרן אין „המגיד".

די דאָזיקע צוויי פּאסירונגען זענען געווען די אורזאך פון דעם, אַז ווען צעדערבוים איז געקומען קיין אָדעס האָבן די אָרטיקע שרייבער אים צוגערעדט, אַז ער זאָל מיך צוציען צו זיין „בית־מדרש". צעדערבוים האָט מיט מיר אַ סך גערעדט און מיך ניט אָפּגעלאָזט, ביז איך האָב אים צוגעזאָגט צו שרייבן אַן ארטיקל אין„המליץ". אין יענער צייט איז ביי מיר רייף געוואָרן דער רעיון פון „חבת־ציון", זיין וויכטיקייט פאר דעם אויפלעב פון אונזער פאָלק און די פּראקטישע וועגן, וואָס דארפן פאר דעם אָנגעווענדעט ווערן — און איך האָב באשלאָסן, אַז דאָס זאָל זיין די טעמע פונם ארטיקל, וואָס איך האָב צוגעזאָגט צעדערבוים׳ען. אָבער יעדער אָנהויב איז שווער. דער ארטיקל איז געפּסלט געוואָרן פון דער צענזור, און איך בין געצוואונגען געווען צו ענדערן זיין פאָרם און פארנעפּלען אייניקע פון מיינע רעיונות, וואָס זענען דער צענזור ניט געפעלן געוואָרן. נאָך פיל מי איז דער ארטיקל פארעפנטליכט געוואָרן אין „המליץ",

אונטערגעשריבן פון „אחד־העם". מיט דעם אונטערשריפט האָב איך געוואָלט זאָגן, אז איך בין ניט קיין שרייבער און אויך אויף ווייטער האָב איך ניט בדעה צו זיין אַ שרייבער און, אז בלויז צופעליק זאָג איך ארויס מיין מיינונג וועגן דעם ענין, ווי איינער פון פאָלק, וואָס אינטערעסירט זיך מיט זאכן, וואָס זע־נען נוגע דעם פאָלק.

ווער וואָלט דאמאָלט געגלויבט, אז דער שריט איז בלויז דער ערשטער אויף אַ לענגערן ליטעראַרישן וועג, און אז דער נאָמען — אחד־העם — וועט באוואוסט ווערן ביי אונזער פאָלק פיל מער פון מיין פערזענליכן נאָמען און, אז איך וועל שטיין בראש פון אַ העברעאישער צייטונג, און, אז די ליטעראטור וועט זיין מיין שטענדיקע פּראָפעסיע.

„דער ארטיקל „לא זו הדרך" האָט געמאכט אַ גרויסן רושם צווישן די „חובבי־ציון" און אייניקע פון מיינע פריינט האָבן מיך באוואויגן צו פּרובירן אויך פאַרווירקליכן מיין רעיון. אַ סך מאָל האָבן מיר אָפּגעהאלטן אסיפות וועגן דעם ענין, און נאָך לענגערע אונטערהאנדלונגען האָבן מיר אין יענעם יאָר (תרמ"ט) געגרינדעט דעם פאראיין „בני משה", וואָס זיין מהות און צילן זענען דערקלערט געוואָרן אין אַ קליינעם אַר־טיקל „דרך החיים", וואָס איך האָב געשריבן, לויט דער בקשה פון מיינע פריינט. די דאָזיקע אגודה האָט עקזיסטירט ביי אַן אכט יאָר און כמעט אַלע חשובסטע פערזענליכקייטן פון די חובבי־ציון זענען געווען אירע חברים. אין אירע ערשטע יאָרן איז זי געווען פול מיט לעבן, און איר מאָראַלישע השפעה אויף אַלע חברים, און דורך זיי אויף אַלע טעטיקייטן פון די חובבי־ציון אין אלגעמיין, איז געווען זייער גרויס. אָבער צוביסלעך זענען די חברים געוואָרן פּאסיוו און עס האָבן זיך אויך גע־פונען שלעכטע מענטשן, וואָס האָבן זי פאַרלוימדעט פאַר'ן עולם, און אויסגעטראַכט וועגן איר אַ סך שקרים, ביז זי איז ענדלעך אויפגעלייזט געוואָרן.

די אַלע יאָרן, וואָס זי האָט עקזיסטירט, האָט די געזעל־שאַפט געהאַלטן מיך אַלס איר אָנפירער.

דער אמת אָבער איז, אַז איך בין געשטאַנען בראש פון איר פאַקטיש בלויז אַ קורצע צייט, בין איך געפאָרן קיין ארץ־ישראל, אין יאָר תרנ״א, און נאָכדעם איז זי פאַרוואַל־טעט געוואָרן פון אַנדערע פערזאָנען, פון אָנהויב אין וואַרשע און נאָכדעם אין יפו...

ביז איצט טראַכט מען אויס אַ סך משונה׳דיקע לעגענדעס וועגן דער אגודה, און די מערהייט פון פאָלק פאַרשטייט ניט ווי געהעריק די דאָזיקע שיינע וויזיע, וואָס איז געבוירן גע־וואָרן אין אַ „בין השמשות״ און איז אימשטאַנד געווען צו העלפן זייער פיל דער אַנטוויקלונג פונם אידישן רענעסאַנס־אידעאַל, ווען עס זאָלן ניט געווען שטערן דערין פאַרשיידענע טרויעריקע סיבות און אויך מענטשן פאַנאַטיקער און ניט־פאַרגינער, וואָס האָבן געשעדיקט איר גלאָריע.

* * *

וועגן די „בני־משה״ איז אַ סך געשריבן געוואָרן. און כדי די לייענער זאָלן האָבן אַ באַגריף וועגן דעם פּראָגראַם און צילן פון דער געהיימער אגודה, וועלן מיר דאָ געבן איייניקע אויס־צוגן פון אַן אַרטיקל פונם באַוואוסטן שרייבער מרדכי בן הלל הכהן (לוח אחיאסף, תרס״ד, עמודים 242-248), אין וועלכן ער שילדערט די „בני־משה״:

— ביי יעדן, וואָס האָט געוואָלט זיך אָנשליסן אין דער אגודה, האָט מען געפרעגט זיין נאָמען, זיין פאַמיליע־נאָמען, וועגן זיין לעבן, וואוין־אָרט, וועגן זיין ערציאונג, זיין באַשעפ־טיקונג, צי ער איז פאַרהייראַט, צי ער ווייסט גענוי דעם צוועק פון דער אגודה און צי ער איז מסכים מיט׳ן גאַנצן האַרצן צו אירע צילן און צי ער איז גרייט צוצוזאָגן, לויט אַ געוויסן נוסח, אויסצופאָלגן אַלע געזעצן פון דער אגודה. פון יעדן חבר האָט מען צום ערשטן געפאָדערט, אַז ער זאָל קענען העברעאיש און

נאָך אן אייראָפּעאישע שפּראַך. אָבער אין לויף פון דער צייט האָט מען מותר געווען אויף דעם געזעץ, ווייל ניט אלע חברים זענען געווען פּאַסיק דערצו.

פון יעדן חבר פון דער אגודה האָט מען געפאָדערט, אַז ער זאָל זיך באַהעפטן מיט זיין גאנצן הארץ, נשמה און קראפט מיטן רעיון פון אידישן אויפלעב אין ארץ־ישראל.

„דער הויפט באדינגונג איז געווען, אַז די „בני־משה" דארפן זיין עכט־עטישע מענטשן. דעריבער האָט מען יעדן חבר, וואָס האָט זיך געוואָלט אָנשליסן אָן דער אגודה, דערציילט וועגן אירע אויפגאבן און איר פּאָן, אויף וועלכער עס זענען געווען אויסגעקריצט די אידעאלן פון אמת, גערעכטיקייט און יעדע גוטע און דערהויבענע מידה. און מען האָט אויך אים מחייב געווען אויפצופירן זיך אין אלגעמיין ווי אַן עכטער איד, צו שעצן אידישע היסטאָרישע זכרונות, גוטע מנהגים און מידות.

כדי די ארבעט פון דעם פאראיין זאָל זיין דערפאָלגרייך, האָט די אגודה געפאָדערט פון אירע חברים אָנצוהאלטן די דאָזיקע מידות: א. אחדות, אַז אלע חברים זאָלן ריכטיק און אינערליך זיין פארבונדן צווישן זיך און איינער זאָל דעם צווייטן דערמוטיקן אין דער אַרבעט פאַר'ן פאָלק אָן קנאָה און זעלבסטזיכטיקע כוונות. ב. פּאָזיטיװקייט, תמיד אויסרעכענען אין פאָראויס די יכולת'ן און לויט זיי ריכטן די טעטיקייטן, כדי זיי זאָלן ארויסקומען פאָלקאָמען. ג. אמת, אַז אלע רייד און טאַטן פון די חברים זאָלן זיין באַגרינדעט בלויז אויף אמת און ווירקליכקייט, לויט זייער אינערליכער איבערצייגונג און ניט באַנוצן זיך מיט קיין אָפּנאַרעריי אפילו פאר אַ וויכטיקן צוועק. ד. צניעות, אויסמיידן אויף וויפיל ס'איז מעגליך רעש און רעקלאמע, צו ארבעטן בלויז פאר די צוועקן פון דער אגודה און איבערלאָזן פאר אנדערע כבוד און גרויסהאלטעריי.

* * *

אין יאָר 1889 איז ביי מיר געבוירן געוואָרן מיין בן־יחיד

מרדכי זלמן. אינם טאָג פונם ברית איז ביי מיר אין הויז געווען פארזאמלט דער רוב פון די שטאָטישע משכילים, און צום ערשטן מאָל זענען דאמאָלט געהערט געוואָרן דרשות אין העברעאיש. דען דער שרייבער בן־דוד, וואָס איז אויך געווען צווישן די געסט, האָט דאמאָלט שוין געקלערט וועגן דער גרינדונג פון א פאראיין „שפה ברורה" (וואָס ער האָט נאָכדעם פארווירקליכט) און געפּרובירט זיין קראפט צו דרש'ענען אין העברעאיש, אָבער ער איז ניט געווען ערפאָלגרייך, כאָטש ער האָט נאָכדעם גע־שילדערט אין „המליץ" מיט גרויסע איבערטרייבונגען, די דאָ־זיקע אסיפה און אירע העברעאישע דרשות.

אינם ווינטער פון דעם דערמאָנטן יאָר בין איך אויך געווען פארנומען מיט דער רעדאגירונג פונם זאמלבוך „כורת", וואָס איך האָב פארעפנטליכט אין חודש אָדר, ניט אָנגעבנדיק מיין נאָמען אויף אים, אלס רעדאקטאָר און ארויסגעבער. דען אין יענער צייט האָב איך זיך ניט געהאלטן פאר קיין שרייבער און איך האָב ניט געוואָלט ארויסברענגען מיין נאָמען פאר דער עפנטליכקייט. און אזוי ווי דאָס זאמלבוך איז געווען פאר־רעכנט פאר אַן אָרגאַן פון אונזערע חובבי־ציון און אלע היגע שרייבער האָבן זיך אין אים באטייליקט, דעריבער האָט לילענ־בלום איינגעשטימט אָנצוגעבן זיין נאָמען אין די מודעות, וואָס זענען פארעפנטליכט געוואָרן אין די צייטונגען, זאָגנדיק: ווער עס וויל אונזער זאמלבוך זאָל זיך ווענדן צו אים...

„אָנהויב פרילינג פון דעם יאָר האָט די רעגירונג געגעבן די דערלויבעניש צו גרינדן די „חברה פאר שטיצע צו אידישע ערד ארבעטער אין ארץ־ישראל און סוריע", וואָס איר צענטער איז — אָדעס. אין חודש אייר איז פאָרגעקומען א קאָנפערענץ פון אַ סך חובבי־ציון אין אָדעס, וואָס האָבן אויסגעקליבן א ועד — פאר דער פארוואלטונג פון דער חברה... פארשטענד־לעך, אַז איך האָב ניט געקענט ענטזאגן מיינע חברים, וואָס האָבן געפונען פאר נויטיק, אַז אויך איך זאָל זיך באטייליקן אין ועד און זיך באמיען ווענדן אים אויפן וועג, וואָס מיר

האָבן געהאַלטן פאַר'ן ריכטיקן. און אַזוי אַרום בין איך גע־צאוונגען געוואָרן צו פאַרלאָזן מיינע ד' אמות, אין וועלכע איך האָב זיך ביז דאַן באַהאַלטן, און געוואָרן אַ „פּראַקטישער מענטש", פאַרנומען זיך מיט אסיפות און אויך מיט געזעל־שאַפטליכע ענינים עפנטליך — אַ זאַך, וואָס איך וואָלט מיט אַ יאָר אָדער צוויי צוריק ניט געגלויבט, אַז דאָס איז מעגליך. אָט אַזוי קען ניט אַ מענטש זיך אַליין, ביז ער קומט צו אַ נסיון.

*   *   *

ווען אחד־העם איז געקומען קיין קראָקע, סוף יאָר תרנ"ו אויסצוגעפינען, צי ער וועט דאָרטן קענען דרוקן דעם זשורנאַל „השלח", וואָס האָט דאַמאָלט געזאָלט דערשיינען אונטער זיין רעדאַקציע, האָט ער זיך צופעליק דאָרטן באַקענט מיט אַן אָנ־געזעענעם אידישן שרייבער. דער לעצטער האָט איינמאָל פאַר־פירט אַ שמועס מיט אים וועגן די שוועריקייטן, וואָס שטייען פאַר אַ רעדאַקטאָר פון אַ נייער צייטונג אין איר פאַר־שפּרייטונג. דען ער, דער רעדאַקטאָר, מוז זיך ווענדן צו פאַר־שיידענע פּריוואַטע מענטשן, שיקן זיי די צייטונג און בעטן זיי צו אַבאָנירן זיך אַליין און העלפן פאַרשפּרייטן די צייטונג, אַן אַרבעט צו וועלכער ער, אחד־העם, איז געוויס ניט מסוגל.

דער שרייבער האָט דעריבער געראָטן אחד־העמ'ען, אַז ער זאָל בעסער אָפּקויפן אַן אַדרעס־בוך ביי אַן אַנדער שרייבער, וואָס האָט געזאַמלט אַדרעסן פון אַבאָנענטן און „געערטע לייענער" פאַר אַ צייטונג, וואָס ער האָט געזאָלט אַרויסגעבן:

„די דאָזיקע וואונדערליכע עצה האָט געעפנט מיינע אויגן צו זען אין וואָס פאַר אַן אַטמאָספערע פון שנאָרעריי איך גע־פין זיך, און איך האָב דעריבער כמעט געהאַט באַשלאָסן אַלץ איבערצולאָזן און אַנטלויפן אהיים. שפּעטער אָבער האָב איך זיך באַרואיגט און בין ניט אַנטלאָפן, נאָר איך האָב זיך צוריק־געקערט קיין בערלין, וואו די ליטעראַרישע שנאָרעריי איז ניט געווען אַזוי בולט, און דאָרטן אַרויסגעגעבן דעם „השלח". איך

דארף ניט צוגעבן, אַז דעם אַדרעסן־בוך האָב איך ניט געקויפט און דעם „השלח“ האָב איך ניט געשיקט צו קיינע מעצענאַטן, נאָר צו די יעניקע, וואָס האָבן אליין, מיט זייער אייגענעם ווילן, זיך אַבאָנירט“.

ח

# אין לאָנדאָן

אַ גרויסער טייל פון די פּאָרטגעשריטענע רוסישע קרייזן, פון דער אינטעליגענציע, אין פּאָריקן יאָרהונדערט, האָט גע־שטרעבט צו דעם, אז אין רוסלאנד „זאָל דורכגעהאקט ווערן אַ פענצטער קיין איירָאָפּע" (באנוצנדיק זיך מיט פּושקינ׳ס אַן אויסדרוק). די דאָזיקע אָנהענגער און ליבהאָבער פון דער מערב־אייראָפּעאישער קולטור, די „זאפאדניקעס", האָבן גע־גלויבט, אַז רוסלאנד וועט זיך באַפרייען פון אירע קייטן, פון דעם בארבארישן צאריזם נאָר דאַן, ווען זי וועט זיך באַהעפטן מיט דער מערב־אייראָפּעאישער קולטור.

אויך די אויגן פון די העברעאישע השכלה־שרייבער זענען גע־ווען געווענדעט צום מערב. אויך זיי האָבן געגלויבט, אַז די אידן־פראגע וועט געלייזט ווערן, ווען אידן וועלן פארלאָזן די געטאָ און זיך איינשפּאַנען אינם רייטוואָגן פון דער מערב־אייראָפּע־אישער קולטור, זיך אסימילירן מיט אנדערע פעלקער. „זיי אַ מענטש אין גאס, און אַ איד איז הויז" — האָט געפּרעדיגט דער גרויסער העברעאישער דיכטער י. ל. גאָרדאָן.

ווי באַוואוסט, איז אחד־העם געווען אַן אויסגעשפּראָכע־נער געגנער פון דערדאָזיקער אסימילאטאָרישער אידעאָלאָגיע, וואָס ער האָט זייער טרעפלעך באַצייכנט אלס „קנעכטשאפט אין דער פרייהייט." דאָך האָט אויך ער געגלויבט, אַז די דערנענ־טערונג פון אידן צו דער מערב־אייראָפּעאישער קולטור וועט זיין אַ גרויסע הילף פאר אונז.

דער אונטערשיד צווישן אים און אנדערע משכילים איז באַשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס, בעת ביי די משכילים איז דאָס אידנטום געווען בלויז אַן הוספה, אַ צייטווייליקער צוגאָב צו דער אייראָפּעאישער קולטור, איז ביי אחד־העמ׳ן די איירָאָ־

פּעאישע קולטור, בנוגע אידן, געווען אַ צוגאָב צו דער אידישער קולטור.

ווי באמערקט, איז אחד־העם אויסגעוואקסן און דערצויגן געוואָרן אין אַ חסידיש־סוחרישער סביבה. אויך אין זיינע שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ער איז באַקערט געוואָרן צו דער השכלה, צו וועלטליכער בילדונג, האָט זיך אים ניט איינגעגעבן צו שטודירן אין אן אייראָפּייאישער שולע. ער איז געווען אַן אויטאָדידאקט, אַלץ אַליין געלערנט, אָן דער הילף פון לערער און דערציער.

דאָך איז ער אין לעבן געווען אַן עכט אייראָפּייאישער מענטש. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע אייראָפּייאיש־קולטורעלע מאנירן מיט זיין טאָלעראנטער באציהונג צו זיינע געגנער, מיט אַ שטאַרק אַנטוויקלט געפיל פון זעלבסטווירדע. ער האָט קיינמאָל ניט געבויגן זיין קאָפּ פאר פארשיידענע אידישע נאָטאבלען. יאָרן לאנג האָט ער באקעמפט די אפּיטרופּסות פון ראָטשילדן איבערן אידישן ישוב אין ארץ ישראל און אויך די אפּיטרופּסות פון די דייטשישע אידישע פּלוטאָקראטן, צוזאמען מיט דזשייקאָב שיפ'ן, איבער'ן טעכניקום אין חיפה. אין קורצן, ער איז געווען אַן עכטער דזשענטלמאן.

אויך אין זיין ליטעראַרישער טעטיקייט איז ער געווען אַן עכטער אייראָפּייער אין בעסטן זין פון דעם וואָרט. ער איז געווען דער אָנגעזעענסטער העברעאישער שרייבער צווישן די דאָזיקע שרייבער, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט „די שיינקייט פון יפת'ן אין די געצעלטן פון שם".

פון אַלע אייראָפּעאישע שרייבער האָבן די גרעסטע השפּעה אויף אים געהאַט די ענגלישע געלערנטע דזשיי. ס. מיל, ה. ספּענסער, באָקל א. אנד.

עס איז דעריבער פארשטענדליך פארוואָס אחד־העם האָט אלעמאָל געשטרעבט צו דעם, אַז ער זאָל וואוינען אין מערב־אייראָפּע און, ביי דער ערשטער געלעגנהייט, האָט ער זיך באַזעצט אין ענגלאנד. דען אויב אַלס איד האָט ער געקענט זאָגן

צוזאמען מיט יהודה הלוי'ן — „איך בין אין מערב, און מיין הארץ איז אין מזרח", האָט ער אַלס אַן אייראָפּייער געקענט זאָגן — „איך בין אין מזרח־אייראָפּע, און מיין הארץ איז אין מערב־אייראָפּע".

* * *

יאָר 1908. אחד־העם פאַרלאָזט די „דרום'דיקע שיינהייט", אָדעס, וואו ער האָט א סך יאָרן פארוויילט און וואו זיין גרויסער פובליציסטישער טאלאנט האָט זיך אַנטוויקלט און רייף געוואָרן, און באַזעצט זיך אין דער טומלדיקער און פארנעפּלטער לאָנדאָן, וואו ער האָט באקומען א שטעלע אין דער טייפירמע פונם דאמאָלט באַוואוסטן פילאַנטראָפּ ק. ז. וויסאָצקי.

ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז אים וועט זיך איינגיבן צו טיילן זיין צייט אין צוויי העלפטן — איין העלפט פאר ביזנעס און די צווייטע העלפט פאר ליטעראַרישער טעטיקייט. נאָך מער: ער האָט געגלויבט, אז, ווייל זיין מאַטעריעלע לאַגע האָט זיך איצט פיל פארבעסערט, וועט ער זיין אימשטאנד מיט מער הרחבת הדעת צו טאָן די ליטעראַרישע אַרבעט, וואָס האָט אים געלאָקט, — אָנצושרייבן אַ גרעסערע אָפּהאנדלונג וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער אידישער עטיק.

אָבער „עמיצער אין גרויען" איז געשטאַנען הינטער זיינע פּלייצעס און אומ'ברחמנות'דיק צושמעטערט זיינע שטרעבונגען און פּלענער...

אין דעם יאָר, וואָס אחד־העם האָט זיך באַזעצט אין לאָנדאָן, איז אין ענגלאנד פאָרגעקומען אַ גרויסער סטרייק פון די קוילן־גרעבער. און, בעת אחד־העם האָט דאָס ערשטע מאָל באַזוכט דעם „הייד פּארק" אין לאָנדאָן, האָט ער דאָרטן ביי־געוואוינט אַ ריזיקע דעמאָנסטראַציע פון לאָנדאָנער אַרבעטער, וואָס האָבן אויסגעדריקט זייער סימפּאַטיע צו די סטרייקער. די דאָזיקע דעמאָנסטראַציע איז דורכגעגאַנגען בשלום, ווייל אויך די געגנער פון די סטרייקער זענען געווען גענוג טאָלע־

ראנט ניט צו שטערן די אַרבעטער אויסצודריקן זייער סימפּאַטיע צו די סטרייקער.

די דאָזיקע פּאַסירונג האָט אויף אחד־העמ׳ען געמאַכט אַן אומגעהיירן רושם, ווייל ער האָט דאַן געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען און איבערצייגן זיך וויפיל די ענגלענדער זיינען דורכ־געדרונגען מיט׳ן גייסט פון טאָלעראַנץ, פאר וועלכן ער האָט אַלעמאָל געקעמפט אין אידישע קרייזן.

דאָך האָט ער אין לאָנדאָן ניט געפונען קיין מנוחת־הנפש, קיין גייסטיקע רו אויך אין דעם ערשטן יאָר, וואָס ער האָט זיך דאָרטן באַזעצט. זיין אָנגעשטרענגטע אַרבעט אין דער טיי־פירמע און אויך דאָס ראַשיקע שטאָטישע לעבן האָבן צורודערט זיין געמיט.

אין אַ בריוו, וואָס ער האָט דאַמאָלט געשריבן צו זיין אינ־טימען פריינד (נאָך פון דער אָדעסער תקופה), א. א. לובאַר־סקין, וועלכער האָט דאַן שוין געוואוינט אין ניו יאָרק, באַקלאָגט זיך אחד־העם: „פאַרלויפיק פיל איך זיך דאָ ווי אַ בוים, וואָס איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון זיין וואָרצל... איך גלויב ניט, אַז אין דער צוקונפט וועל איך דאָ זיין אַן איינגעוואָרצלטער...

„ווען אַ מענטש וואוינט אין „סיטי״ גיהינום, איז ער מער ניט פעיק ווי געהעריק און מיט אַ לויטערן פאַרשטאַנד צו פאַרנע־מען זיך מיט גייסטיקע ענינים.״

און צום שרייבער ש. בן־ציון שרייבט ער דעמזעלבן יאָר: „דו קענסט זיך ניט פאָרשטעלן... ווי שווער עס איז פאר מיר צו וואוינען אין אָט דעמדאָזיקן בבל, וואָס רופט זיך לאָנ־דאָן... „עפּעס אַן אַפּאַטיע איז מיך באַפאַלן און, אַז איך קער זיך אום אהיים אין אָוונט פון דער פאַרשאָלטענער „סיטי״ בין איך ניט פעיק צו קיין שום אַרבעט. און אפילו שרייבן בריוו איז איצט פאר מיר אַן אַרבעט... „עס זענען דאָך געוועזן טעג, ווען איך האָב גע׳חלומ׳ט אויף דער וואָך וועגן ענגלאַנד און אַז איך וואָלט געוועזן גליקלעך, ווען איך וואָלט געווען אימ־שטאַנד צו באַזעצן זיך דאָ. אָבער פון דאַמאָלט אָן זענען אריי־

בער מער ווי צען יאָר, און ווען אַ מענטש ווערט עלטער קען ער זיך ניט צופּאַסן צו אַן ענדערונג פון זיין וואוין־אָרט און זיין סביבה...״

די געבראַכטע פּאַסוסן פון אחד־העמ׳ס בריוו צו זיינע פריינד ווייזן, אַז ער איז ניט אימשטאַנד געווען צוצופּאַסן זיך צום לאָנדאָנער אַרט לעבן, וואָס האָט רואינירט זיין געזונט און אויך געהאַמעוועט זיין שאַפונגס־קראַפט.

אין דער אָדעסער תקופה איז אחד־העם געווען טעטיק און פּראָדוקטיוו ניט נאָר אויפ׳ן ליטעראַרישן געביט, נאָר אויך אויפ׳ן געזעלשאַפטליכן. ער איז געווען אַן אַקטיווער חבר אינם קאָמיטעט פון די „חובבי ציון״, געפאָרן עטליכע מאָל קיין ארץ־ישראל אַלס אַ פאָרשטייער פונם קאָמיטעט, געווען דער גרינדער און אָנפירער פון די „בני משה״. ער פלעגט אויך פון צייט צו צייט אַרויסטרעטן מיט עפנטלעכע פאָרטראַגן, ווי דער רע־פעראַט וועגן „משה״ן אָדער זיין באַוואוסטער פאָרטראַג אין מינסק וועגן דער אידישער קולטור (שפּעטער פאַרעפנטליכט אין אַן אַרטיקל א. נ. „תחית הרוח״), וואָס האָבן אויפגערודערט די אידיש־געזעלשאַפטלעכע קרייזן.

אין לאָנדאָן אָבער איז ער אויך אויפ׳ן געזעלשאַפטליכן גע־ביט געווען קנאַפּ וואָס טעטיק בנוגע דעם אָרטיקן לעבן, כאָטש אויך איצט איז ער געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַ־וועגונג, שטיצנדיק די קולטורעלע אינסטיטוציעס אין ארץ ישראל און אויך די קאָלאָניזאַציע.

אין אַ בריוו צו דר. י. קלויזנער׳ן (אין יאָר 1908) שרייבט אחד־העם: „אַ בית־הקברות מיט שיינע מצבות, דאָס איז דאָס גאַנצע ענגלישע אידנטום״.

אין אַן אַנדער בריוו צו קלויזנער׳ן כאַראַקטעריזירט ער דאָס לאָנדאָנער אידנטום אָט ווי אַזוי: „דערדאָזיקער גרויסער עולם איז לגמרי ניט ענליך צו יענע „רוסישע אידן״, וואָס אונזער גייסט איז זייערער און מיר פילן זיך ווי א טייל פון זיי. דאָ גע־פינסטו בלויז צוויי עקסטרעמען: אָדער עם־ארצות פאַרבונדן

מיט'ן זשארגאָנישן סאָציאַליזם, אָדער טרוקענע אָרטאָדאָקסן פון ליטע. און וועגן די היגע ציונים איז בעסער ניט צו רעדן..."

צו דובנאָוו'ן שרייבט ער וועגן ענגלישן אידנטום: וועגן אידן און אידנטום אין ענגלאַנד האָב איך דיר ניט וואָס מיטצוטיילן. אויב דו לייענסט אמאָל די „ביבליע" פון די ענגלישע אידן, ד. ה. די „דזשואיש קראָניקל", קענסטו דיר פאָרשטעלן זייער גייסטיקן געשטאַלט... איצט איז די היגע אידישע וועלט „אויפגערודערט" און די מלחמה צופלאַקערט זיך מער און מער וועגן... עטליכע קצבים וואָס האָבן ווידערגעשפעניקט אין די אָנפירער פון „שחיטה", שעכטנדיק אָן זייער „הסכמה"...

אחד־העם האָט ניט באַלאַנגט צו די קריטיקער, וואָס באַנוגענען זיך (אָדער האָבן פאַרגעניגן) בלויז מיט דעם, וואָס זיי גריבלען זיך אין די אייטערנדע וואונדן פון דער געזעלשאַפט און טאַדלען זי פאַר אירע פעלערן. פאַרקערט, ער איז געווען אַ מורה־דרך, אַ וועג־ווייזער, אַ לערער און דערציער. ער איז דעריבער געווען ניט נאָר דער קטיגור פונם ענגלישן אידנטום, נאָר אויך זיין סניגור אָנווייזנדיק אויף דעם, וואָס ס'דאַרף געטאָן ווערן פאַר זיין אויפלעב.

אין אַ בריוו צו ה' ב. בייניש, וואָס האָט אים מיטגעטיילט, אַז אין ליווערפול איז אויסגעבויט געוואָרן אַ באַזונדער הויז אַלס אַ צענטער פאַרן אידישן גייסט, שרייבט ער:

... „נאָך אין אָנהויב פון מיין קומען אין דעם לאַנד האָב איך געזאָגט פאַר אַ גרויסן עולם פון אונזערע ברידער אין לאָנדאָן, אַז ניט די שול נאָר דאָס בית־מדרש האָט געראַטעוועט אונזער פאָלק פון פאַרניכטונג אין אַלע פריערדיקע דורות. און, אויב מיר ווילן ראַטעווען דאָס רעשטל פון אונזער פאָלק, איז ניט גענוג פאַר אונז צו בויען „פאַלאַצן" פאַר תפילה און שיינגעזאַנג וואָס ווערן געעפנט איין מאָל אין וואָך פאַר די עשרה־בטלנים און, וואָס האָבן קיין השפעה ניט אויף דער דערציאונג פונם פאָלק. אָן וויסנשאַפט און פאַרשטענדעניש פונם אידנטום (אידנטום אַלס אַ אויספאַסנדיקער באַגריף פונם גאַנצן גייסט פון

אונזער פאָלק) זענען מיר אָרעם און אָנבאַוואָפנט צו קעמפן פאַר אונזער קיום. נאָר דער, וואָס האָט אין זיך אַ „רוח התורה" האָט אַ באַזיס צו שטיין אויף אים אַלס אַ איד, אַלצאיינס, צי ער דאַוונט מיט דעם אָדער אַן אַנדער נוסח, אין אַ אָרטאָדאָקסישער שול אָדער אין אַ רעפאָרמירטער.

...„דאָס הארץ פון דער אומה איז תמיד געווען אין בית־המדרש און פון דאָרטן האָט זי געשעפּט דעם לעבנס־כוח, וואָס האָט איר געהאָלפן גובר זיין אַלע שטרויכלונגען און רדיפות און, אויב מיר ווילן לעבן אויך אין דער צוקונפט, דאַרפן מיר דעם צענטער צוריקקערן צו זיין אַלטן פּלאַץ — צום בית־מדרש, וואוהין עס שטראָמען די אַלע, וואָס דורשטן נאָך דער לערע פונם אידנטום, און לעשן דאָרטן זייער דורשט."

אַ כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד. אחד־העם האָט זיך דערוואוסט, אַז זיין פריינד לובארסקי, וואָס האָט געאַרבעט אין דער וויסאָצקי פירמע אין ניו יאָרק, האָט על פּי נוסח אַמעריקע, אויסגענוצט אחד־העם'ס נאָמען אַלס אַ רעקלאַמע פאַר דער פירמע. אחדהעם האָט לובארסקי'ן געמאַכט אַ שטרענגן פאָרוואורף דערפאַר, וואָס ער האָט מיסברויכט זיין נאָמען:

„דו האָסט זיך ניט אָפּגעהאַלטן — שרייבט ער צו לובארסקי'ן — פון מאַכן אַ רעקלאַמע, אויסנוצנדיק מיין נאָמען פאַר אונזער פירמע... „און, ווען איך זע דאָס ניט (די רעקלאַמע, א. ש.) וואָלט איך ניט געווען געגלויבט, אַז דו ביסט פעיק מזלזל זיין מיין כבוד אויף אַזאַ מיאוס'ן אופן. אויף אַזאַ פאַל זאָגט די וועלט: „היט מיך גאָט פון מיינע פריינט..."

ווען אחד־העם'ס צאָלרייכע פריינט אין אַמעריקע — דר. י. פרידלענדער, וואָס האָט איבערזעצט אַ טייל פון אחד־העם'ס עסייען אין דייטש, פּראָפ. ס. שעכטער, א. לובארסקי, דר. ש. לעווין, ב. מאַקסימאָן א. אנד. — האָבן זיך דערוואוסט, אַז זיין וואוינען אין לאָנדאָן און אויך זיין איצטיקע באַשעפטיקונג איז זייער שעדלעך פאַר אים, סאַי פיזיש, סאַי גייסטיק, האָבן זיי אים איינגעלאַדן אויף אַ באַזוך קיין אַמעריקע.

אין ענטפער אויף דער איינלאדונג האָט אחד־העם געשריבן דר. פרידלענדער'ן:

. . . „בנוגע מיין רייזע קיין אמעריקע. אין די לעצטע יאָרן זענען אזוי פיל „גדולים" געקומען קיין אמעריקע און די שריפט־לעכע און מינדלעכע רעקלאמע, מיט וועלכע מען איז מכבד די אלע אריבערגעקומענע, איז אזוי גרויס — אַז דער וואָס באַזיצט נאָך עפּעס א פונק פון זעלבסטווירדע און האָט נאָך ניט פארלוירן זיין עסטעטישן געשמאק, דארף בעסער פארבלייבן דאָרטן, וואו ער וואוינט, כדי צו דערוויטערן זיך פון העסליכ־קייט".

אין יענער צייט האָט דר. ש. לעווין געוויילט אין אמעריקע, וואו ער האָט געשאפן געלט פאר'ן טעכניקום אין חיפה. אין א בריוו צו אחד־העמ'ען האָט דר. לעווין אים פאָרגעשלאָגן, אז אויך ער זאָל קומען קיין אמעריקע פאר דעמזעלבן צוועק, אויף וואָס ער האָט באקומען פון אחד־העמ'ן א כאראקטעריסטישן און טרעפליכן ענטפער: . . .

„דיינע רייד וועגן מיר און דיין גוטע עצה, אז איך זאָל קו־מען קיין אמעריקע און גיין פון שטאָט צו שטאָט צו שאפן סימ־פאטיקער פארן טעכניקום האָבן ביי מיר ארויסגערופן א געלעכ־טער. עס ווייזט אויס, אַז דו ביסט אזוי שטארק צופרידן פון דיין ארבעט, אז דו ווילסט דאָס אויך איך, אלס א געטרייער פריינד דיינער, זאָל געניסן פון דער ארבעט. דו האָסט פארגעסן, אַז פערציק טעג איידער דאָס קינד ווערט געבוירן, רופט מען אויס וועגן דעם מענטשן, וואָס זיין בארוף וועט זיין אין לעבן, און דער, וואָס מען האָט וועגן אים ניט אויסגערופן, אז ער זאָל זיין אַן אגיטאטאָר, איז ניט פּאסיק פאר דער ארבעט, און וועט אין איר ניט מצליח זיין".

אויך דעם אָנבאָט פון ליובארסקין צו שאפן פאר אחד־העמ'ן א פּאָנד, וואָס זאָל זיין געענוג פאר אים אויף עטליכע יאָר צייט, כדי ער זאָל אימשטאנד זיין צו שאפן דאָס ווערק וועגן דער אי־

דישער עטיק, וועגן וועלכן ער האָט געטרוימט, האָט ער אָפּגע־וואָרפן.

„און אויף דער פראגע״ — שרייבט ער צו ליובארסקי׳ן — „צי איך וועל איינשטימען צו לעבן עטלעכע יאָר אויף קהל׳שן חשבון, כדי צו שרייבן אַ ספר וועגן „אידישע עטיק״ וועל איך דיר ענטפערן: ניין און ניין! אזא זאַך איז דערווידער מיינע עטי־שע און עסטעטישע געפילן, און פון ערפארונג וויים איך (נאָך פון די צייטן, ווען איך בין געווען דער רעדאקטאָר פונם „השלח״), אז„ אויב איך נעם זיך טאָן עפּעס אַ ליטעראַרישע אר־בעט ניט מיט פולשטענדיקער פרייהייט, נאָר מיטן באוואוסטזיין, אַז איך בין מחויב צו טאָן די אַרבעט פאר א באלוינונג — דאן טוט זיך די שכינה אָפּ פון מיר און איך בין ניט פעיק צו טאָן די ארבעט מיט אַ דערהויבענעם גייסט און אַן אויפגעלייגטן גע־מיט, און ממילא קומט די זאַך אַרויס ניט ווי געהעריק געראָ־טן . . .״

זיינע פריינט האָבן דאָך זיך באמיט צו ברענגען אים קיין אמעריקע. אַ דאנק זייערע פארבינדונגען מיט אידישע נאָטאַב־לען פון „יאהודישע״ קרייזן, איז זיי געלונגען אויסווירקן, אז אחד־העם זאָל איינגעלאַדן ווערן אויף אַ הויכן אמט — צו ווערן דער פארוואלטער פון דראפּסי קאלעדזש. אין פלוג האָט אחד־העם געדאַרפט זיין זייער צופרידן מיט דעמדאָזיקן אָנבאָט, וויל דאָס וואָלט אים געגעבן די מעגליכקייט צו פארלאָזן די האַנדלס־וועלט און זיך „צוריקקערן אינם געצעלט פון דער תורה״, דאָך האָט ער אויף אזוי פיל גשעעצט זיין אונאָפּהייגגיקייט, אז אויך דעם פאָרשלאַג האָט ער צוריקגעוויזן.

אין אַ בריוו צו ליובארסקי׳ן שרייבט ער וועגן דעם פאָר־שלאַג: „זייער פיל האָב איך געליטן אין מיין לעבן, אין א סך פר־טים האָב איך ניט מצליח געווען. אין איין זאַך אָבער האָב איך שטענדיק מצליח געווען: איך האָב אָפּגעהיט מיין גייסטיקע פריי־הייט אין יעדן מצב, אין וועלכן איך האָב זיך געפונען, און איך האָב אויף אַ האָר ניט מוותר געווען אויף מיין אינערליכער אי־

בערצייגונג, ניט אין וואָרט און ניט אין טאַט. און איצט קומ־סטו מיט אַ פאָרשלאַג, וואָס — איך האָב מורא— איז ניט אין איינקלאַנג מיט דער דאָזיקער פרייהייט. דאָס הויז (ד. ה. דער דראפּסי קאָלעדזש) וועט דאָך אָנגעפירט ווערן פון אַ ועד אָדער אַ ראַט, און בכלל זיין אונטערוואָרפן, אזוי ווי אלע געזעל־שאַפטליכע אינסטיטוציעס צו דעם, וואָס מען רופט „געזעל־שאפטליכע מיינונג", ד. ה. צו דערדאָזיקער „מלכה", וואָס פון מיין יוגנט אָן האָב איך פאר איר קיין מורא ניט געהאט. איז דען מעגליך פאר מיר אין מיינע יאָרן (אויף דער עלטער) זיך איר אונטערצואוואַרפן?

...„דער געביט, וואָס אינטערעסירט מיך צום מערסטן פון אנדערע צווייגן פון דער יודאאיקע איז — די אידישע עטיק ניט אין דעם דאָגמאַטישן זין, נאָר אין איר היסטאָרישער אַנטוויק־לונג. און איינער פון מיינע שענסטע חלומות , וואָס איך האָב נאָך ניט אויפגעגעבן די האָפנונג, אז ער זאָל פארווירקליכט ווע־רן — איז צו שרייבן אַ ספר וועגן דעם געגשטאנד, אָדער אַ טייל פון אים".

דער איינציקער פאָרשלאַג, וואָס אחד־העם האָט באַגינסטיקט, אין פארבינדונג מיט זיין קומען קיין אמעריקע, איז געווען דער פאָרשלאַג פון דר. סיירוס אדלער, וואָס האָט אים איינגעלאַדן צו האלטן א סעריע לעקציעס אין יאָר 1911, אין דראפּסי קאָ־לעדזש, וועגן דער געשיכטע פון דער אידישער עטיק.

אויף דעמדאָזיקן שריפטליכן פאָרשלאַג פון דר. אדלער'ן האָט אחד־העם געענטפערט, אַז ער מוז דאָס אָפּלייגן אויף אַ פּאָר יאָר צייט איבער פאָלגנדע סיבות: ערשטנס, דערפאר, וואָס ער קלייבט זיך צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, א נסיעה, וואָס ער וויל בשום אופן ניט אָפּלייגן; צווייטנס, מוז ער האָבן אַ געוויסע צייט פאר פאָרברייטונגס ארבעט.

ליידער, האָט זיך אים ניט איינגעגעבן צו קומען קיין אמע־ריקע פאר דעם צוועק. אים האָט זיך געדוכט, אז ער איז ניט גענוג פאָרבערייט פאר די דאָזיקע לעקציעס. ער האָט דעריבער

זיי אָפּגעלייגט אויף אַן אנדער שעת־הכושר, וואָס איז, לײדער, קײנמאָל ניט געקומען...

אחד־העם האָט אַלעמאָל געהערט צו דער קאטעגאָריע שרייבער און כלל־טוער, וואָס זיינען ניט נאָר „נאה דורשים", שיינע פּרעדיקער, נאָר אויך „נאה מקיימים", זיינען אַלעמאָל גרייט מקיים צו זיין וואָס זיי פּרעדיקן. ער האָט אויך געגלויבט אין דעם, אַז ער איז מאָראַליש פאראנטוואָרטלעך פאר דער אויפפירונג פון זיין משפחה.

האָט אָבער געטראָפן, מעשה שטן, אַז זיין באַגאַבסטע און באַליבסטע טאָכטער רחל האָט אין דער פּעריאָדע, וואָס ער האָט געוואוינט אין לאָנדאָן, געהייראט מיט אַ ניט־אידן, אַן ענגעלענער ראדיקאלער שרייבער. די דאָזיקע פּאסירונג האָט שרעקלעך דערשלאָגן אחד־העמ'ען. ער האָט קיינמאָל איר ניט מוחל געווען איר „נאַציאָנאַלן פאַרברעך". פאַר יאָרן לאַנג האָט ער איר ניט דערלויבט צו זען זיך מיט אים...

אין אַ בריוו צו דובנאָוו'ן שרייבט ער וועגן דער פּאסירונג:

...„עס איז אין אונז, אין אונז אַלעמען מקוים געוואָרן די שרעקליכסטע קללה פון דער תוכחה — „דיינע זין און דיינע טעכטער ווערן אָוועקגעגעבן צו אַן אנדער פאָלק"... עפּעס אַזוי ווי דער גלות שפּעט־אָפּ פון אונז און ווייזט אונז אויף וויפיל זיין כוח דערגרייכט..."

געננויער וועגן דעם ענין שרייבט ער צו זיין פריינד משה סמילאנסקי'ן, וואָס האָט אים משמעות, געוואָלט טרייסטן: „אויב דו וועסט עפענען די טיר צו דעם פיינד (געמישטע הייראטן) וועט זיך אים איינגעבן צו פאַרענדיקן אונזער קיום אין אַ משך פון אייניקע דורות. דאָ איז ניט פאראן קיין פּלאַץ פאַר קיין שום פּשרה... מיר מוזן ווייזן אַ ווידערשטאנד צו דעם דאָזיקן פיינט אין נאָמען פונם נאַציאָנאַלן קיום און אכזריות'דיק באַציען זיך צו זיך אַליין און צו אונזערע קינדער..."

דער דאָזיקער טרויעריקער עפּיזאָד אין אחד־העמ'ס לעבן, וואָס האָט אים שרעקלעך דערשיטערט, ווייזט אונז אויפן בולטסטן

אופן אויף וויפיל אחד־העם איז געווען דורכגעדרונגען מיט׳ן אי־דעאל פון אונזער נאציאָנאלן קיום, אין היפוך צו אנדערע „גרולים" פון זיין צייט. דען, ווי באוואוסט, זענען מענדעלע׳ס און פּרץ׳ס זין געווען משומדים און זייערע עלטערן האָבן אָנ־געהאלטן זייער פריינטליכע פארבינדונגען מיט זיי. 21)

ס׳איז שווער צו ענטפערן אויף דער פראגע, ווי ס׳קומט, אז ביי אזא אולטרא־נאציאָנאליסט ווי אחד־העם זאָל פּאַסקו־מען אזא טרויעריקע פּאסירונג. ווייל ווער ווייסט די גלגולים אָדער די מעטאמאָרפאָזעס פונם גייסט דאָך ווען איך זיך בא־מיען צו דערקלערן די דאָזיקע טרויעריקע פּאסירונג, אויפ׳ן סמך פון זיינע אינטימע בריוו צו אייניקע פון זיינע פריינד:

אויף דער פראגע פון ראווניצקי׳ן, פארוואָס ער, אחד־העם,

---

21 נאָכדעם וואָס די דאָזיקע שורות זענען געשריבן געוואָרן האָב איך באקומען אַ בריוו פונם באוואוסטן שרייבער יוחנן טווערסקי, וואָס האָט לעצטנס, אגב, פארעפנטליכט אן אויסגע־צייכנטע נאָוועלע וועגן אחד־העמ׳ען, אין „הדאר", א. ט. „פרשת דרכים", אין וועלכן ער שרייבט צווישן אנדערס, אַז, לויט די זכרונות פון דובנאָוו׳ן און ראווניצקי׳ן, האָט מענדעלע זיך זייער שטארק מצער געווען, וואָס זיין זון האָט זיך געשמדט.

דאָך ווייזט אויס, אז בדיעבד האָט ער זיין זון פארגיבן די שווערע זינד, וואָס ער איז באַגאַנגען לגבי דעם אידישן פאָלק. לויט פראָפעסאָר טשערנאָוויצ׳ס זכרונות וועגן מענדעלען („בצ־רון", חוברת ב. ע. 123) האָט דער לעצטער פאָרגעשטעלט זיין זון פאר טשערנאָוויצן זאָגנדיק דערביי „דאָס איז אונזער רב", ד. ה. ער האָט זיך באנוגנט בלויז מיט דעם, וואָס ער האָט זיין זון געקיבעצט אזוי צו זאָגן. אויך די געשיכטע, וואָס טשערנאָ־וויץ דערציילט, אז אויפן פארלאנג פון זיין גויאיאישער שנור האָט ער פאר איר געמאכט קידוש, מיטן טראדיציאָנעלן ניגון, אינדער־וואָכן, ווייזט די לייכטזיניקע באציאונג פון מענדעלען צום רע־ליגיעזן ריטואל...

שרייבט זיין זון אין רוסיש ענטפערט אחד־העם, אז דאָס איז דערפאר, וואָס זיין זון שרייבט צו אים אין רוסיש און ער וויל אים ניט צווינגען, אז ער זאָל שרייבן אין העברעאיש, דען „מיין שיטה אין דערציאונג פון מיינע קינדער איז די שיטה פון פולשטענדיקער פרייהייט: צו מאכן זיי פאר אידן אויס ליבע און פרייען ווילן און ניט אויס צוואנג און צוליב „כיבוד־אָב". מיין ציל האָב איך ניט דערגרייכט, און צי איך וואָלט אים גע־ווען דערגרייכט דורך אן אנדער שיטה — ווייס איך ניט".

און אין אן אנדער בריוו דערציילט ער, אז אין אַ געוויסן אָוונט, אין דער צייט פונם שוידערליכן אָדעסער פּאָגראָם (אין יאָר 1905) האָט ער געשפּילט מיט זיין זון אין שאך, כדי ער זאָל זיך צושטרייען און פארגעסן דעם פּאָגראָם־גרויל. אין אָנ־הויב בין איך שטארק איבערראשט געוואָרן, ווען איך האָב גע־לייענט דידאָזיקע מעלדונג פון אחד־העמ'ן, ווייל איך בין דע־מאָלט געווען אין אָדעס, און איך געדענק ווי אזוי איך און מיינע חברים האָבן דעמאָלט ארומגעוואנדלט אין שטאָט ווי מטורפים.

דער פאקט אָבער, וואָס אחד־העמ'ן האָט זיך איינגעגעבן דורך קאָפּ־גימנאסטיק צו פארטרייבן זיינע עמאָציעס, ווייזט, אז ער איז באהערשט געווען פון דער „הערשאפט פון שכל" (של־טון־השכל"), וואָס האָט גובר געווען און פארטויבט זיינע עמאָ־ציעס און אינם גייסט פונם מתנגד'ישן „שלטון־השכל" האָט ער דערצויגן אויך זיינע קינדער, און דער פועל־יצא איז דערוי־בער געווען זייער טרויעריק.

זאָל דאָ, אגב אורחא, אויך דערמאָנט ווערן, אַז זיינע אנ־דערע טעכטער און אויך זיין בן־יחיד, וואָס איז א סך יאָרן גע־ווען דער סעקרעטאר פונם העברעאישן אוניווערסיטעט אין ירו־שלים, זענען נגאנגען אין די פוס־טריט פון זייער גרויסן פאָטער.

* * *

וואָס איז נוגע דעם פאָרוואורף, וואָס ראווניצקי האָט גע־

מאכט אחד־העמ׳ן, פארוואָס ער שרייבט צו זיין זון אין רו־סיש, ווייל איך דאָ אַ פּראָ פּאָ איבערגיבן, אַז אחד־העם האָט אויך אין דער תקופה, וואָס ער האָט געוואוינט אין ארץ ישראל, גערעדט מיט זיין פרוי רוסיש. און ווען אַ פאָרשטייער פונם „גדוד מגיני השפה" האָט אים געמאכט אַ פאָרוואורף דערפאַר, האָט אחד־העם זיך אנטשולדיקט פאַר אים און דערקלערט, אַז זיין פרוי קען קיין העברעאיש ניט.

פארשטייט זיך, אַז ער האָט געקענט רעדן מיט זיין פרוי אידיש, דאָך האָט ער דאָס ניט געטאָן, מן־הסתם דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַ געגנער פון אידיש אין ארץ־ישראל, און אפשר אויך דערפאַר, וואָס זיין פרוי האָט עס געהאַלטן פאַר אַ פחיתת־הכבוד צו רעדן אין דער שפּחה־שפּראַך". 22)

---

22) אין קורצן וועגן אחד־העמס טשעלונג צו אידיש, וואָס ער רופט, לויט דער דאמאָלטיקער טערמינאָלאָגיע, „זשארגאָן" (לייַדער האָב איך אונטערן האנד בלויז זיין גייסטרייכע עסעי „ריב לשונות" וועגן דער שפראכן פראגע).

ער האלט, אז העברעאיש איז די איינציקע אידישע נאציאָנאלע שפראך און דעריבער ווארפט ער קאַטעגאָריש אָפּ די רעזאָלוציע פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, אַז אידיש איז די נאציאָנאלע שפראך פון אידישן פאָלק.

אָבער אין היפוך פון זיינע קאָלעגן, וואָס האָבן זיך געשראָקן פאַר די פאָלגן פון דערדאָזיקער רעזאָלוציע, שרייבט אחד־העם: „מיך שרעקט ניט דער „זשארגאָן". זאָלן געשריבן ווערן גוטע ביכער אין זשארגאָן און זאָל דער המון־עם לייענען און פאַר־גרעסערן זיין בילדונג דאדורך. קיין „נאציאָנאלע" ליטעראטור וועט אין אים (אין זשארגאָן), ניט געשאפן ווערן".

ער איז ניט מסכים מיט די עקסטרעמע העברעאיסטן, וואָס האָבן ניט דערלויבט צו רעדן אויף עפנטליכע פארזאַמלונגען אין אידיש. ער שרייבט: „איז דען פאראַן אַ מער מאָדנע זאך פון

דער ערשטער ארטיקל פון אחד־העמ׳ן, אונטערן טיטל „לא זו הדרך״, איז פארעפנטליכט געוואָרן אין „המליץ״ אין יאָר 1889. אזוי ווי אין יאָר 1914 אין געוואָרן 25 יאָר זינט דאָס ארטיקל איז דערשינען, האָט לובארסקי צוזאמען מיט אנדערע פריינד פון אחד־העמ׳ן אויסגעארבעט פּלענער צו פייערן דעם פינף־און־צוואנציק יעריקן יובילײ פון זיין ליטערארישער טע־טיקייט. ווען אחד־העם האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, האָט ער געשריבן ראווניצקי׳ן:

„איך וויל האָפן, אַז דו און מיינע אנדערע נאָענטע פריינד, וואָס קענען מיך באמת, וועלן ניט נעמען קיין אָנטייל אין דעם דאָזיקן שטות, און איך וויל דיך בעטן אַז דו זאָלסט טאָן אַלעס מעגליכעס צו ראטעווען מיך פון דער דאָזיקער שטראָף, וואָס איך ווייס ניט איבער וועלכע עבירות זי איז געקומען״.

נ. סאָקאָלאָוו׳ן שרייבט ער וועגן דעם ענין: „זאָלן מיר אָנ־

---

דעם, אז אויף אידיש־נאַציאָנאלע אסיפות, אויף וועלכע מיגע־ברויכט פארשיידענע לשונות, הערן זיך פּראָטעסטן קעגן דעם געברויך פון דער שפּראך, וואָס דער רוב אידן געברויכן איצט און וועלן געוויס געברויכן אויך אין דער צוקונפט אין אַ משך פון נאָך 2־3 דורות (ריב לשונות עפ״ד, ח. ד. ע. 123־116).

די ציטירטע שטעלן און אויך אנדערע שטעלן אין דעמדאָ־זיקן ארטיקל ווייזן, אז אחד־העמיס באציהונג צו אידיש איז געווען ענליך צו דער דאמאָלטיקער באציהונג פון מענדעלען און פרצ׳ן צו דער אידישער ליטעראטור, אין דער ערשטער תקופה פון זייער שאפונג, ווען זיי האָבן געשריבן אידיש בלויז צוליב דעם, אז דער המון־עם זאָל באקומען השכלה און בילדונג אין זיין שפּראך.

מעגליך, אַז, ווען אחד־העם זאָל געווען נאָכפאָלגן די ווייטער־דיקע אנטוויקלונג פון דער אידישער ליטעראטור, וואָלט ער גע־ווען געענדערט זיין מיינונג וועגן איר אין געוויסע פּרטים.

נעמען, אז דו וועסט ניט דערלאָזן קיין "מי שברך'ס" (ווי דו דריקסט זיך אויס) — אַ גזרה, וואָס איך צווייפל, צי אַלע וועלן זי דערפילן, מאכט דען ניט די עצם זאך (די יובילײ פייערונג) אַן איינדרוק ווי אַ חברה פריינד, וואָס קומען אויפ'ן וואָקזאַל צו באַגלייטן דעם אָפּרייזנדן אָדער — ווי דער ענגלענדער זאָגט — "טו סי הים אָף". דאָס איז דאָך ווי מען שטרייכט אונטער אַ ליניע צווישן דעם עבר און דער געגנוואַרט און מען זאָגט: ביז איצט ביסטו געווען אַ לעבעדיקער און אקטיווער מענטש, איצט אָבער איז דיין צייט פאַראיבער און דו ביסט פון די געוועזענע מענטשן פונם פריערדיקן דור, וואָס נעמען מער ניט קיין אָנטייל אין לעבן". אָבער איך בין נאָך ניט "אָף" און מיין האָפנונג איז נאָך ניט פאַרלוירן צו טאָן נאָך עפּעס איידער איך וועל "אַוועקגיין". טאָ צו וואָס־זשע דאַרפן מיר קוקן אין "לוח"? יעדער דאַרף אַרבעטן אַזוי לאַנג ווי זיין נשמה איז אין אים און דער גוף קען אים נאָך דינען — און אַ פייג דעם לוח".

ניט געקוקט אויף אחד־העמ'ס געגנערשאַפט צו דער דאָזיקער פייערונג, האָבן זיינע חברים געפייערט זיין יובילײ אין פאַרשיידענע שטעט. ער האָט אויך באַקומען באַגריסונגען פון ביאַליק'ן, דובנאָוו'ן און אַנדערע שרייבער. דער "השלח" האָט דאַמאָלט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן יובילײ נומער געווידמעט דעם יובילאַר.

וועגן דעם ספּעציעלן יובילײ נומער האָט אחד־העם געשריבן קלויזנער'ן אַ כאַראַקטעריסטיש בריוול: "עס איז מיר געווען אָנגענעמען צו זען (אינם "השלח" העפט צום אָנדענק פון מיין 25 יעריקער ליטעראַרישער טעטיקייט) די קריטיק וואָס פאַרנעמט דאָרטן אַ וויכטיקן פּלאַץ. ווען ניט דאָס, ווען דאָס דאָזיקע העפט זאָל באַשטיין בלויז פון לויב און הלל־געזאַנגען, ווי עס פירט זיך אין אַזעלכע פאַלן, וואָלט עס געמאַכט אַ רושם ווי איך וואָלט געזען נאָך ביי מיין לעבן מיינע מספּידים, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען אין איין האָטעל און מאַכן דאָרטן אַ "רעפּעטיציע"...

אחד־העם איז, ווי באַמערקט, געווען אַ "זאפאדניק", אַ מאמין אין דעם, אז די וועסט־איראָפּעאישע קולטור וועט ברענגען די גאולה דער מענטשהייט. ער איז דעריבער געווען זייער שרעקליך דערשיטערט פון דער וועלט־מלחמה, וואָס האָט באַוויזן דעם באנקראָט פון דער מענטשלעכער ציוויליזאציע. ער האָט ניט געגלויבט אין דעם, אַז די מלחמה איז אַ צייטווייליקע טרויעריקע דערשיינונג, וואָס וועט אינגיכן פאראיבער און די זון פון צדק און יושר וועט ווידער באלייכטן דעם וועג פון דער מענטשהייט. אין היפוך דערפון. מיט זיין טיפזיניקן און אנאליטישן פארשטאַנד האָט ער געשפּירט, אַז אין דער אמת'ן זענען די וועסט־איראָפּייער בלויז אויסערלעך ציוויליזירט. אין עצם אָבער זענען זיי בארבארן, וואָס זענען גרייט אויסצוראָטן און אויסמאָרדן זייערע געגנער, באַנוצנדיק דערביי די ערגסטע אכזריות־דיקע מיטלען און געווער.

אין אַ בריוו צו זיין איידעם, ה. פּעווזנער, שרייבט ער דאַמאָלט: „אויב די דייטשן וועלן ווירקלעך באהערשן די גאנצע וועלט, אין דער נאָענטער תקופה, דאַן פריי איך זיך, וואָס איך בין איצט אַלט און די וויכטיקסטע טייל פון מיין לעבן איז שוין פאראיבער פאַר דער שוידערליכער תקופה".

„דער מענטש, וואָס איך בין אים מער פון יעדן מקנא — איז שקעלטאָן, וועמען עס האָט זיך באַצייטנס איינגעגעבן צו אנטלויפן צום נאָרד־פּאָל, דאָס איינציקע פלאַץ, וואוהין עס וועט געוויס ניט קומען דער געשטאַנק פון דער מענטשהייט".

און צו ש. בן־ציון שרייבט ער:

„אין שלאָפלאָזע נעכט ליג איך און באַדויער פריערדיקע צייטן: פארוואָס האָב איך ניט געווידמעט מיין לעבן, פון מיין יוגנט אָן, דער פאָרשונג פון דער נאַטור פון אינסעקטן — און דעמאָלט וואָלט איך אויך איצט געקענט זיך באשעפטיקן מיט מיין פאַך מיט גרויס פליים און ליבשאַפט, כדי צו פארגעסן דעם מענטשן און זיינע טאָטן.

„איצט אָבער, ווען מיינע יאָרן זענען אריבער אין מחשבות

וועגן דער דאָזיקער נידעריגער באַשעפעניש, וואָס באַזיצט גע־נוג חוצפה צו רופן זיך "דער אויסדערוויילטער צווישן די באַ־שעפענישן" — איצט איז דער מוח ביי מיר פּוסט און איך האָב ניט קיין "אָביעקט" צו באַשעפטיקן מיין געדאַנק".

אין יאָר 1916, שרייבט ער בן־עמי׳ן: „איך בין זיכער, אַז אין משך פון די נאָענטע 30־40 יאָר וועט דאָס לעבן זיין אַ לאַסט פאַר יעדערן, ביי וועמען עס איז נאָך פאַרבליבן אַ פונק פון מענטשליכן געפיל".

אויסער זיין זייער געדריקטער שטימונג איז אויך זיין גע־זונטס צושטאַנד אַ סך פאַרערגערט געוואָרן. ער האָט געליטן פון פּיס־קראַנקהייט, "אישאַס," און אויך פון אַ נערוון קראַנק־הייט. דאָך האָט ער פאָרטגעזעצט זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט זיי־נע פריינד. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אומאָפיציעל אין דער ציוניסטישער לייטונג, אין יענער תקופה, ווען זי האָט אָנגע־פירט אונטערהאַנדלונגען מיט דער ענגלישער רעגירונג וועגן דער פאָרמולירונג און פאַרעפנטליכונג פון דער באַלפור־דע־קלעראַציע.

די דאָזיקע אַנטשיידענע פעריאָדע אין דער געשיכטע פון ציוניסטישער באַוועגונג, ווי אויך אחד־העמ׳ס אָנטייל אין דער קאָמיטע, וואָס האָט פאַרהאַנדעלט מיט דער רעגירונג, פאָדרינט אַ באַזונדערע און גענויע אָפּהאַנדלונג. איצט אָבער וועל איך זיך באַנוגענען בלויז מיט איין אינטערעסאַנטן פּאַסוס פון אחד־העמ׳ס אַ בריוו צו פּראָפ. טשערנאָוויץ׳ן, אין יאָר 1921, וואָס ווייזט אויף אחד־העמ׳ס ווייטזיכטיקייט: "ווען ס׳איז געקומען די צייט פאַר דער פראַגע וועמען מיר זאָלן שיקן פאַר אַ הויך־קאָמיסאַר קיין ארץ ישראל, האָב איך זייער אַ סך געקעמפט קעגן דעם, אַז עס זאָל באַשטימט ווערן אַ איד אויף דעם פּאָסטן, צום ווייניקסטן, אין דער ערשטער צייט, ווייל עס איז לייכט געווען צו זען פאָראויס, אַז אַן ענגלענדער, אַ גוי, אַ ציוניסטי־שער סימפּאַטיקער, וועט זיין פרייער אין זיינע טאַטן און ס׳וועט לייכטער זיין פאַר אים צו רעאַליזירן די דעקלעראַציע בפועל־

ממש. אָבער אונזערע חברים — האָבן ניט געוואָלט הערן דער־
פון".

דער שרייבער פון די שורות, א לאנג־יאָריקער ארץ ישראל׳־
דיקער תושב, איז איבערצייגט, אז, ווען די ציוניסטישע פירער
זאָלן ניט געווען מסכים זיין, אז דער ערשטער נציב זאָל זיין
אַ איד, וואָלט די לאגע פונם אידישן ישוב אצינד א סך בעסער
און זיכערער געווען.

* * *

דער סך הכל פון דער פעריאָדע, וואָס אחד־העם האָט גע־
וואוינט אין לאָנדאָן, איז זייער אַ טרויעריקער און אַ טראגי־
שער. אין א משך פון דערדאָזיקער צייט — אַריבער פופצן יאָר,
האָט ער פארעפנטליכט בלויז עטלעכע ארטיקלען, וואָס קענען
ניט פארגליכן ווערן צו זיינע גלענצנדע עסייען פון דער פריער־
דיקער תקופה. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן דעם פערטן באנד
"על פרשת דרכים" און אָנגעהאלטן אַ צאָלרייכע קאָרעספּאָנ־
דענץ מיט זיינע פריינד, וואָס האָט אַ גרויסע קולטור־היסטאָ־
רישע און אויך ליטערארישע באַדייטונג. (זיינע בריוו קענען
אָנגערופן ווערן — „מאָדערנע שאלות ותשובות", ווייל אין
זיי ווערן גרינדלעך באהאנדלט די וויכטיקסטע צייט פראגן).

אין אלגעמיין אָבער איז ער אין דער דאָזיקער תקופה ארונ־
געפאלן פון „אַ אויבערשטיבל אין אַ טיפן גרוב". אויך ער אליין
גיט צו, אַז אין לאָנדאָן האָט זיך די שכינה אָפּגעטאָן פון אים.

וואָס־זשע זענען געווען די סיבות, וואָס האָבן דערפירט צו
זיין גייסטיקער ירידה אין לאָנדאָן? די סיבות זענען געווען
טיילווייז אָביעקטיווע, און טיילווייז סוביעקטיווע, אויסערלעכע און
אינערליכע.

די אויסערלעכע סיבות זענען געווען — דער לאָנדענער
טומל און רעש און אויך דער שעדליכער קלימאַט, וואָס האָבן
אונטערגעטראָבן זיין געזונט, און אויך די וועלט־מלחמה, וואָס
האָט אים שטארק דערשיטערט.

דאָך, ווי באמערקט, האָט ער געהאַט אַ מעגלעכקייט צו פארלאָזן לאָנדאָן און באזעצן זיך אין אמעריקע, וואו זיינע פריינד האָבן אים פארזיכערט, אז ער וועט קענען טאָן זיין שע־פערישע ארבעט. האָט ער אָבער זיך אנטזאגט דאָס צו טאָן, צו־ליב סוביעקטיווע סיבות, ווייל זיין שטארק אנטוויקלטער גע־פיל פון זעלבסטווערדע האָט אים ניט דערלויבט צו זיין אָנגע־וויזן אויף שטיצע פון נאָטאבלען. דער דאָזיקער שטריך פון זיין כאראקטער איז געווים לויבנסווערט.

אָבער דאָ שטעלט זיך אן אנדער פראגע: — עס איז פאר יעדן קלאָר, אַז אחד־העמ׳ס פערזענליכער ״מרכז רוחני״ איז געווען ניט אין מערב־איירָאָפּע, ווי ער האָט צייטנווייז געדענקט, נייערט אין ארץ־ישראל, וואו ער האָט געטרוימט וועגן אַ ״מרכז רוחני״ פאר׳ן אידישן פאָלק. פרעגט זיך: — ער, דער פאָטער און דער פרעדיקער פונם ״מרכז רוחני״, האָט דאָך באַדאפט זיין דער ערשטער צו באזעצן זיך אין ארץ־ישראל, וואו, אגב, אויך דער קלימאט און די סביבה זענען געווען פאסיק פאר אים, און פרובירן רעאליזירן דאָרטן זיין לאנגיאָריקן טרוים?

אויף דער דאָזיקער פראגע געפינען מיר אן ענטפער אין אחד־העמ׳ס בריוו. אין אַ בריוו צו דרויאנאָוו׳ן שרייבט ער: מען האָט מיך שוין געפרעגט וועגן דער מעלדונג פונם ״האור״ (בן־יהודה׳ס צייטונג א. ש.), אַז איך וועל זיך באזעצן אין ארץ־ישראל. אָבער דו, וואָס דו ביסט א פּקח, האָסטו באַדארפט פאר־שטיין, אַז איך בין נאָך ניט רייך געוואָרן... אויף אַזוי פיל, אַז איך זאָל קענען זיך באזעצן אין ארץ־ישראל און דערנערן זיך פון דער דאָזיקער עשירות, אויסער אַזא ״נס״ זע איך פאָר־לויפיק ניט קיין מעגליכקייט צו טראכטן וועגן אויסוואנדערן קיין ארץ־ישראל״.

ניט געקוקט אויף מיין גרויסער אכטונג צו אחד־העמ׳ן, מוז איך דאָך פעסטשטעלן, אַז זיין ענטפער אויף דער הארבער פרא־גע, פארוואָס ער האָט זיך ניט באזעצט אין ארץ־ישראל פאר דער וועלט־מלחמה, איז ווייט ניט צופרידנשטעלנד.

חסידים דערציילן, אַז ווען ר׳ נחמן בראַסלאָווער׳ס ווייב האָט זיך דערוואוסט, אַז איר מאַן קלייבט זיך ״עולה״ צו זיין קיין ארץ־ישראל, האָט זי שטאַרק געוויינט און אים געפרעגט: „פון וואָס וועל איך און אונזערע קינדער זיך מפרנס זיין, ווען דו וועסט אַוועקפאָרן?״ און ר׳ נחמנ׳ס ענטפער איז געווען: „דו וועסט זיך דערנערן פון וואַשן וועש און אונזערע טעכטער פון אַרבעטן אַלס דינסט־מיידלעך אין באַלעבאַטישע הייזער״.

אָבער צו וואָס דערציילן פון פאַרצייטן, ווען מיר האָבן אַביישפּיל פון מסירת־נפש פאַר ארץ־ישראל פון אחד־העמ׳ס אַקאָלעגע, וואָס האָט געוואוינט אין לאָנדאָן, בעת אחד־העם האָט דאָרטן געוואוינט — י. ח. ברענער.

ברענער איז אין יענער תקופה אפילו ניט געווען קיין הונ־דערט פּראָצענטיקער ציוניסט, און דאָך איז ער אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל בלויז „מיט זיין שטעקן און טאָרבע אין זיין האַנט״ (באַנוצנדיק אַ תלמודישן אויסדרוק), אָן שום מאַטעריעלע מיט־לען.

וועלן אפשר מאַנכע חסידים פון אחד־העמ׳ן זאָגן — „אין מביאים ראיה מברענער״, ברענער איז קיין באַווייז ניט, ווייל ער איז אַלעמאָל געווען אַ נע־ונדניק, אַ וואַנדערער, אָן קיינע וואָרצלען אין די גלות לענדער און אויך אָן אַ פאַמיליע נעסט. וועלן מיר דעריבער אָנווייזן אויף א. ד. גאָרדאָנ׳ען, וואָס איז געווען איינגעוואָרצלט אין זיין סביבה, געערט און געאַכט פון אַלע זיינע באַקאַנטע און פאַרערער, און דאָך איז, ער, אין אָנ־הויב פון איצטיקן יאָרהונדערט, אַרויפגעגאַנגען קיין ארץ־ישראל.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז גאָרדנ׳ס פרוי און זיין בן־יחיד האָבן ניט איינגעשטימט צו פאָרן מיט אים און דאָך איז ער „אויפגעגאַנגען״ קיין ארץ־ישראל. באַנוצנדיק זיך מיט ניטשעס אַן אויסדרוק, קען מען וועגן גאָרדאָנ׳ען זאָגן, אַז ער איז געווען גרייט צוליב דער ליבע צום צווייטן, צום כלל, צו אָפּפערן מיט דער ליבע צום נאָענטן, צו זיין פאַמיליע.

טאָ פאַרוואָס־זשע האָט אחד־העם ניט געטאָן דאָס זעלבע,

ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז אין לאָנדאָן פאַרוועלקן זיינע גייסטיקע כוחות, ניט וואַרטנדיק ביז ער וועט אָנזאַמלען גענוג עשירות, כדי ער זאָל קענען וואוינען אין ארץ ישראל?

אויך דער תירוץ, וואָס ער גיט אָן, אַז ער וויל ניט גע־שטיצט ווערן פון דער געזעלשאַפט אָדער פון מענטשן, איז ניט גילטיק. ווייל אויב ער זאָל געווען מסכים זיין צו לעבן אין ארץ ישראל ווי זיינע דאָרטיקע קאָלעגן האָבן געלעבט, וואָלט ער ניט געווען בעדאַרפט אָנקומען צו אנדערע נאָך שטיצע.

אחד־העם האָט זייער גוט געוואוסט דעם באוואוסטן פסוק „אין ארץ־ישראל ניקנית אלא ביסורים" (ארץ ישראל ווערט ניט דערוואָרבן סיידן דורך יסורים). און דאָך איז ער, דער אי־בערגעגעבענער ציוניסט ניט גרייט געווען צו שיידן זיך פון תענוגי עולם־הזה, פון פאַרשיידענע לוקסוסן פאַר זיך און זיין פאַמיליע, צוגינסטן ארץ ישראל.

דאָס באַווייזט ווידער, אַז אחד־העם איז געווען א איד פון „כלו שכל", איז באַהערשט געוואָרן, סאַי אין זיין אידעאָלאָגיע, סאַי לעבן בלויז פון לאָגיק און פאַרשטאַנד. ער איז געווען, אַזוי צו זאָגן אַן „על־פי־שכלדיקער" ציוניסט און דעריבער איז ער ניט געווען פון די „נחשונים", פון די געוואַגטע און מוטיקע צו שיידן זיך מיט זיין סביבה און זיין אַרט לעבן, אלס אַ נגידישער בן־יחיד, און דאָס האָט געבראַכט צו זיין טרויעריקער ירידה אין לאָנדאָן.

(און אַמאָל קלער איך, אַז בנוגע אחד־העמ'ס פערזענליכקייט איז זייער צוגעפּאַסט דער מאמר החכם — „אשרי האיש שחסרו־נותיו ספורים", וואַרום איז צו דעם מענטשן, וואָס זיינע פע־לערן זענען געציילטע, ווייל דאָס ווייזט, אַז די מעלות פון דעם באַטרעפנדן פּערזאָן וועגן וועלט אַריבער זיינע געציילטע חסרו־נות...)

* * *

איינער פון די גרויסע פאַרערער און פריינד פון אחד־העמ'ן

איז געווען ח. נ. ביאַליק. אינם זאַמלבוך פון ביאַליק'ס רעדעס (זע „ח. נ. ביאַליק, דברים שבעל פה", ח"ב, ע. קצ"א־ר"א) געפינען זיך זעקסט רעדעס פונם גרויסן דיכטער וועגן אחד־העמ'ן, פון זיי זיינען פינף געהאַלטן געוואָרן נאָך אחדהעמ'ס טויט.

וועל איך פּרובירן פון אייניקע פּאַסוסן פון די רעדעס צו־זאַמענשטעלן אַ מאָזאַאיק, אָדער אויספּלעכטן אַ בלומען־קראַנץ, און אַוועקלייגן אים אויפ'ן קבר פונם גרויסן לערער.

. . . „איך געדענק גוט אחד־העמ'ס השפּעה אויף די ישיבה־בחורים. זיינע ערשטע אַרטיקלען האָב איך באַקומען, ווען איך בין נאָך געווען אַ ישיבה־בחור. זיי האָבן אויף מיר און אויף מיינע חברים געווירקט ניט נאָר מיט זייער נייעם סטיל, מיט זייער גלענצנדער פאָרם און מיט זייער שניידנדער לאָגיק, נאָר הויפּזעכליך מיט דער פערזענליכקייט הינטער זיי, מיט'ן גרויסן פאַרנעם, איינגאַנצן אַן אנדער פאַרנעם, וואָס האָט זיך פאַר אונז אַנטפּלעקט. מיר האָבן נאָך דאַן ניט געקענט אַנאַליזירן אָבער אונזער האַרץ האָט אונז געזאָגט, אַז דורך אים גייען מיר אַרויף אויף אַן אנדער וועג. עס זענען געווען צווישן אונז אַ סך חברים, וואָס האָבן געחלומט וועגן ליטעראַטור, אָבער דאָ האָבן מיר גע־פונען אַ גייסטיקע דערהויבנקייט, אַ נייעם רעיון — אַ מענטש וואָס גייט פאָראויס, ניט אַ שרייבער אינם געוויינליכן זין, נאָר אַ לערער, אַ וועג־ווייזער און אַ שטעג־אויסטרעטער. . . און אַ סך גאַנצע אָוונטן פלעגן מיר פאַרברייינגען אין שאַרפע פּלפּולים וועגן אחד־העמ'ס רייד אַזוי ווי וועגן אַנדערע דברי־תורה וועגן וועלכע מיר האָבן נאָכגעדענקט בייטאָג און ביינאַכט. פון דאַן אָן האָט מיין האַרץ זיך געצויגן צו אים און ס'איז פאַר מיר געווען זיכער, אַז איך וועל זיין געצוואונגען צו וואַנדערן און קו־מען צו דעם פּלאַץ, וואו עס וואוינט דער גרויסער לערער. . ."

. . . „ער האָט אויפגעהויבן דעם כבוד פון דער ליטעראַטור אין די אויגן פונם שרייבער אליין. אַ דאַנק אחד־העמ'ן האָבן

מיר געפילט, אז ס׳איז א גרויסער כבוד צו זיין א העברעאישער שרייבער און זיך באַשעפטיקן מיט ליטעראַטור״.

„יעדער פון אונז, ווען ער האָט עפּעס געשריבן און עפּעס געטאָן, האָט אין זיין דימיון געזען אחד־העמ׳ס געשטאַלט: „וואָס וועט אחד־העם זאָגן וועגן דעם וואָס איך טו?״ ... ער איז געווען אונזער געוויסן און אונזער פאַרבאָרגענער מוכיח,שטראָפער״.

... „איך בין געווען אַ יונגער בחור (אין אָדעס). כ׳האָב ניט געהאַט קיין געשעפטן אָדער אַנדערע סיבות, צוליב וועלכע איך האָב געקענט קומען צו אים (צו אחד־העמ׳ן). גיין גלאַט אַזוי זען אים האָב איך זיך ניט דערוואַגט. וואָס וועל איך אים זאָגן? ... האָב איך געבעטן מיינע חברים, אַז זיי זאָלן אויסגעפינען פאַר מיר די געלעגנהייט.

אחד־העם פלעגט קומען אין א גרויסער טאַבאַק־פאַבריק. האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז ווען ער וועט קומען אַהין זאָלן זיי (מיינע פריינד) מיך שנעל אַריינרופן.

אַמאָל זענען זיי ביידע (מיינע חברים) געקומען אין שרעק: „אָט פאָרט ער פאַרביי אין אַ קאַרעטע״. בין איך שנעל, מיט מיין גאַנצן כוח געלאָפן, אָבער ער איז שוין אַוועקגעפאָרן. איך האָב אים געזען בלויז פון הינטן אין זיין „קאַטעלאָק״. איך בין כמעט געצוואונגען געווען באַנוגענען זיך בלויז מיט דעם — „רבינו הקדוש האָט געזען רבי מאיר׳ן פון זיין פונהינטן״.

„איך וואָלט געוועזן אַוועקגעפאָרן פון שטאָט (אָדעס), ניט זעענדיק אים. אָבער אָט האָב איך געוואָלט פאַרעפנטליכן מיינע אַ זאַך. כ׳האָב געהערט מען שושקעט זיך: אַ זאַמלבוך. אחד־העמ׳ס קרייז, דער רעדאַקטאָר — ראַווניצקי. דער גאַנצער קרייז באַטייליקט זיך. אפשר ברענגען אחד־העמ׳ן מיין שיר. אויב ער וועט אים געפעלן, וועט ער שוין געפינען אַ פּלאַץ פאַר דעם.

... „מיט טרייסלנדיקע קניען בין איך אַריינגעקומען אין אחד־העמ׳ס הויז, אין אַן אָדעסער ווינטער־טאָג, אַ בלאַטיקן

טאָג. מען האָט פאַר מיר געעפנט זיין ארבעטס־צימער. ער איז געשטאַנען לעבן טיש מיט אַ קליין מיידעלע — עס ווייזט אויס, אַז דאָס איז געווען זיין עלטערע טאָכטער, — האָט אויפ־געשניטן די זייטלעך פון אַ נייעם מאָנאטליכן פרעמדשפּראכיקן זשורנאַל. און איך האָב אים איבערגעגעבן אין א פארמאכטן קאָנ־ווערט דעם שיר („אל הצפור") און דאָס צעטעלע פון לילענ־בלום'ען. ער האָט מיר געזאָגט — קום אריין מיט עטליכע טעג שפּעטער.

מיט אומגעדולד האָב איך אָפּגעוואַרט עטליכע טעג. איך בין ווידער געקומען צו אים. ער האָט מיר אויפגענומען שטיי־ענדיק און געזאָגט, אַז דער שיר געפעלט אים, אָבער ענטשיידן וועגן דעם קען ראַוויניצקי, דער רעדאַקטאָר פון „הפרדס".

...„א לענגערע צייט האָב איך ניט געוואַגט צו באַזוכן אים פּריוואַט־צו־נאַכטס, ווען זיינע חברים פלעגן קומען צו אים אויף אַ באַזוך. איך האָב געוואָלט און ניט געוואַגט. פון צייט צו צייט האָב איך באַשלאָסן גיין צו אים, און אַז ס'איז געקומען צום גיין האָט מיך אַ געהיימע שרעק אָפּגעהאַלטן דערפון. ענ־דלעך האָב איך באַזיגט מיין שרעק. אָבער, ווען ער איז געקו־מען צו אחד־העמ'ן איז הויז, איז ער דאָרטן געזעסן ווי אַ שטו־מער.

...„איך געדענק מיט וואָס פאַר אַ פּחד איך האָב געבראַכט „מתי מדבר". די אינדערפרי שטונדן זענען ביי אים הייליק פאַר זיין ארבעט. זיין טאָכטער לאה האָט געעפנט די טיר. איך האָב איבערגעגעבן דעם מאַנוסקריפּט דורך דעם שמאָלן שפּאַלט, וואָס צווישן דער טיר און ביישטידל און — אנטלאָפן. כ'בין ניט געקומען אין זיין הויז. נאָכדעם האָבן מיינע עלטערע חברים מיר דערציילט, אַז ער האָט פאַר זיי פאָרגעלייענט די פּאָעמע און געזאָגט וואָס ער האָט געזאָגט. אַ לענגערע צייט האָב איך מורא געהאַט צו הערן זיין מיינונג. און אז איך בין געקומען, בין איך געשטאַנען אויף דער שוועל, געהערט זיין מיינונג און כ'בין אנטלאָפן.

מיט ניין יאָר שפּעטער איז ער ווידער געקומען צו אחד־העמ׳ן.
„געבראַכט האָט מיך צו אים, דוכט זיך מיר ל. אָדער ראַווניצ־קי... איך האָב געוואַרט ביז אחד־העם וועט אַרויסקומען פון זיין אַרבעטס־צימער. עס האָט פּאַסירט אַ נס, וואָס מיין נשמה איז ניט אַרויסגעפלויגן פאַר שרעק — און איך בין דאַן געווען אַ איד, וואָס איז אַלט געווען 27 יאָר — ווען ער איז אַריינגע־קומען בין איך אויפגעשטאַנען און איך האָב געדענקט אַז אַט פאַל איך אַוועק. אחד־העם איז געווען ליבלעך. ער האָט מיך באַרואיקט, און געבעטן מיך קומען אויף אַ באַזוך צו אים.

מיט אַ שטיק צייט שפּעטער האָב איך זיך מיט אים באַגע־געגט אויף איינעם פון די (ציוניסטישע) קאָנגרעסן. אַ וואונ־דערלעכע זאַך. אין דער באַגעגעניש האָב איך פּלוצלינג דער־פילט, אַז די גאַנצע דיסטאַנץ איז פאַרשוואונדן. די שטראַלן פון פּראַכט און גלאַנץ זענען אָפּגעשניטן געוואָרן, גלייך ווי ס׳וואָלט זיך אָפּגעטאָן דער באַזונדערער גלאַנץ פון זיין פּנים און פון זיין שטערן, וואָס ער האָט באַזונדערס געהאַט אין מאָ־מענטן פון דערהויבנקייט. ער איז לעבן מיר געזעסן אַזוי ווי ס׳זיצן צוויי פריינד, וואָס האָבן זיך באַגעגנט. מיט אַ געדריקטן געמיט האָט ער גערעדט וועגן זיינע דערוואַרטונגען וואָס זענען פאַרשוואונדן און צושטערט געוואָרן. ער איז אויסגעריסן גע־וואָרן פון באָדן, אויף וועלכען ער האָט געלעבט און איז פאַר־וואָרצלט געווען. דאָרט אין לאָנדאָן האָט די שכינה זיך אָפּגע־טאָן פון אים.

דאָס איז געווען אַן אנדער אחד־העם. מען האָט אים פאַר־ביטן. איך האָב דאָס שוין געפילט אין האַג. לאָנדאָן האָט מיר פאַרביטן מיין אחד־העם. ער איז אויסגעריסן געוואָרן פון זיין שורש... דאָרטן האָט ער ניט געפונען די ברודערשאַפט, די לופט אין וועלכער ער האָט זיך געגויטיקט און וועלכע האָט דערנערט זיין לעבן.״

* * *

ט.

## אין ארץ ישראל

די שוידערליכע און גרויזאמע וועלט־מלחמה האָט זייער שטארק דערשלאָגן אחד־העמ׳ן, צערודערט זיינע נערוון און אונטערגעגראָבן זיין געזונט. ער איז ביטער אנטוישט געוואָרן אין די עטישע אידעאלן, וואָס ער האָט אלע זיינע יאָרן געפּרעדיגט. די ערשטע צייט נאָך דער וועלט מלחמה האָט נאָך ביי אים געשליעט אן האָפנונג, אז דער שלום, וואָס האָט געזאָלט געשלאָסן ווערן צווישן די פעלקער, וועט פארגיטיקן די אלע פארברעכנס פון דער וועלט־מלחמה. דער ווערסייער פרידן אָבער האָט אים שטאַרק אנטוישט. נאָך דער וועלט מלחמה האָבן דאָקטוירים אים געראָטן צו פארלאָזן לאָנדאָן און פארווײלן א געוויסע צייט אין א קור־אָרט, אָבער אויך דידאָזיקע ענדערונג האָט ניט פארבעסערט זיין געזונט און זיין געמיט. ער האָט דעריבער באַשלאָסן צו באזעצן זיך אין ארץ־ישראל.

אין א בריוו צו דר. ש. בערנפעלד׳ן שרייבט אחד־העם: „עס איז אין מיר מקוים געוואָרן, מיין פריינט: „איר וועט מוזן אויפגיין קיין ארץ־ישראל אין אייזערנע קייטן״ דער דער דאָקטאָר, און ענגלענדער פאָדערט, אַז איך זאָל אויפגיין קיין ארץ־ישראל ביי דער ערשטער מעגלעכקייט און ער פארזיכערט מיך, אַז דאָרט וועל איך געזונט ווערן״. אויך צו ראווניצקי׳ן שרייבט ער וועגן דעמדאָזיקן באשלוס: „ס׳איז ניט קיין לייכטע זאך אויפצוגיבן א הויז אין לאָנדאָן און אויפבויען א נײַ הויז אין ארץ־ישראל, אָבער וואָס זאָל מען טאָן, ס׳איז געקומען די צייט . . .״ און באמת איז דאָס ניט געווען קיין לייכטע זאך פאר אים, ווייל ער איז מער ניט געווען ארבעטס־פעהיק. צו זיין גליק אָבער האָט די וויסאָצקי פאמיליע אים געגעבן א מעגליכקייט, אז ער זאָל זיינע לעצטע יאָרן פארברענגען אין ארץ־ישראל אָן מאַטעריעלע זאָרגן.

ווי אזוי האָט אחד־העם זיך פאָרגעשטעלט זיין לעבן, אויף דער עלטער, אין ארץ־ישראל? אין א בריוו צו מ. ב. ה. הכהן,

אין יאָר 1919, שרייבט ער: „ווען ס'וועט קומען מיין צייט אויפ־צוגיין קיין ארץ־ישראל און באזעצן זיך דאָרט, וועל איך זיך באמיהען צו פארשליסן זיך אין מיינע דלד־אמות און ווידמען מיינע פארבליבענע טעג און מיינע כחות צו טעאָרעטישער אר־בעט, ווייט פונם טומל פון פארטייען און אסיפות. נאָך איי־ניקע מחשבות שטויסן זיך אין מיין מוח, וואָס זענען ביז איצט ניט אויסגעדריקט געוואָרן, און איך וואָלט ניט געוואָלט מיט־נעמען זיי מיט מיר אין קבר אריין. אָבער זיי פאָדערן נאָך א סך ארבעט ביז זיי זאָלן ראוי זיין צו דערשיינען פארן פוב־ליקום אין אַ פּאַסיקער פאָרם" לײדער איז זיין לעצטער וואונש ניט מקוים געוואָרן, ווי מיר וועלן ווייטער זען.

אין פארבינדונג מיט זיין באשלוס צו באזעצן זיך אין ארץ־ישראל איז ביי אים אַנטשטאַנען די פראגע, אין וועלכער שטאָט ער זאָל זיך באזעצן: אין תל־אָביב אָדער אין ירושלים? און ניט קוקנדיג אויף דעם, וואָס ירושלים איז פארוואָרצלט אין דער אידישער טראדיציע, האָט ער באשלאָסן צו באזעצן זיך אין דער זייער יונגער שטאָט תל־אָביב, וואו דער באָדן איז אַ פלאַ־כער אָן בערג און אָן טאָלן און וואו דער קלימאַט איז ענליך צום קלימאַט פון דער פראנצויזישער ריוויערע.

אויסער דעם איז אחדהעם, וואָס האָט אין לאָנדאָן גע־לעבט ווידער צו באהעפטן זיך מיט עכט־אידישע מענטשן, דאָך געווען צו פיל פארוואָרצלט אין דער אייראָפּייאישער קול־טור און דעריבער האָט די דאמאָלסטיקע ירושלים פון „מאה־שערים", הרב זאָנענפעלד, דער פירער פון אגודת־ישראל, די פארשידענע כוללים א. ד. גל. — געוואָרפן אויף אים א אימה.

אין תל־אָביב האָבן אויך דעמאָלט געוואוינט א סך פון זיינע חברים און פריינט, וואָס מיט זיי איז ער געווען באקאנט נאָך פון דער אָדעסער פעריאָדע. איבער די אלע טעמים האָט ער באשלאָסן צו באזעצן זיך אין תל־אָביב.

אין יאנואר 1922, איז ער געקומען קיין תל־אביב. אויף וויפיל איך געדענק האָט מען פאר אים ניט איינגעאָרדנט קיין

עפנטלעכן קבלת־פנים, מן הסתם דערפאר, וואָס ער געווען געגן דעם.

האָב איך שטאַרק געוואָלט זען אחד־העמ׳ן, אָבער די ער־שטע צייט האָב איך קיין געלעגנהייט ניט געהאַט דערצו. אזוי ווי איך האָב אַ סך יאָרן ניט געהערט וועגן אחד־העמ׳ן, האָב איך ניט געוואוסט, אז פאר דער צייט, וואָס ער האָט געוואוינט אין לאָנדאָן, איז ער כמעט פארשוואונדן געוואָרן פון דער לי־טעראַרישער ארענע. אין מיין זכרון איז פארבליבן איינגעקריצט דער אחד־העם פון דער „שטורם און דראנג פעריאָדע,״ פון יע־נער צייט, ווען ער האָט געשטורעמט מיט זיין „אמת מארץ יש־ראל״, מיט זיין קאמף קעגן אזעלכע גייסטיקע ריזן, ווי הערצל און מאקס נאָרדוי.

איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, אז איצט, אויף דער עלטער, איז אחד־העם, אלס אַ גרויסער תלמיד־חכם, געוויס נאָך מער מיושב׳דיק און, מן הסתם, אויך טיפזיניקער ווי אין זיינע מי־טעלע יאָרן און, אז וואוינענדיק אין ארץ ישראל, וועט ער אונז לערנען אַ פרק פון „אמת בארץ ישראל״, דעם אמת׳ן און ריכ־טיקן וועג פארן ישוב. כ׳האָב אויך מיר פאָרגעשטעלט זיין אויסערליכן אויסזען, א בכבודיקער הדרת־פנים׳דיקער זקן, מיט גרויסע געדיכטע ברעמען פון הינטער וועלכע עס קוקן ארויס אַפאָר קלוגע דורכדרינגנדיקע אויגן, וואָס ציען אויף זיך יע־דנס אויפמערקזאמקייט.

און ווי ביטער איך בין אנטוישט געוואָרן, ווען איך האָב זיך געטראָפן מיט אים פנים אל פנים און דערזען אַ קלייניקן, אויסגעטרוקנטן און איינגעבויגענעם אידן, וואָס שפארט זיך אָן אויף אַ שטעקן און, וואָס האָט קוים געהאַלטן זיך אויף די פיס. בלויז זיין הויכער בולט׳ער שטערן האָט אָנגעדייט אויף זיין גרויסן אינטעלעקט.

„ווי איז צו מיר, וואָס איך האָב דיך אלטער רבי מיינער, געזען איז אזא שוידערליכן צושטאנד, האָב איך דאַמאָלט מיט גרויס צער, געקלערט.

געוואוינט האָט ער אין אן אייגן הויז, לעם דעם גימנאזיע „הרצליה", אויף דער „אחד־העם" גאס, א שטיל רואיק ווינקל, וואָס איז געווען זייער פאסיק פאר דער גייסטיקער ארבעט צו וועלכער ער האָט געשטרעבט.

אזוי ווי זיינע נערוון זענען געווען זייער שטארק אָפּגע־שוואכט און ער האָט שרעקליך געליטן פון שלאָפלאָזיקייט, האָט זיין אלטער פריינט דער בירגערמייסטער ה. דיזנגאָף געהייסן דער פּאָליציי אָפּצושליסן מיט אן אייזערנער קייט דעם וועג לעבן זיין הויז אין די נאָכמיטאָג־שטונדן און אויך אין די אָוונטן. דאָך האָבן די אלע מיטלען קיין פעולה ניט געהאט אויף זיין געזונט.

תל־אָביב איז דאמאָלט געווען נאָך זייער א יונגע שטאָט, אקאָרשט ארויס פון די וויקעלעך. דער דערמאָנטער אמביציע־זער שטאָט מעיאָר האָט זיך באמיט צוצוציען צום שטאָט־ראט וויכטיקע אינטעלעקטועלע כוחות. ער האָט דעריבער געווירקט אויף אחד־העמ'ן, אז ער זאָל זיך אָנשליסן אינם וועד־הפועל פון שטאט־ראט. אין א משך פון עטליכע יאָר האָט אחד־העם זיך באטייליקט אינם ועד־הפועל.

קיין תל־אָביב זענען דעמאָלט געקומען די בעסטע זין, דאָס זעמלמעל פונם אידישן פאָלק, אָדער ווי פּראָפ. י. קלויזנער האָט זיך אויסגעדריקט, אין א שפּאס, די „ביוושיע פרעזידענטעלי", די געוועזענע פאָרזיצערס פון פארשידענע ציוניסטישע קרייזן. געקומען זענען זיי מיט די בעסטע כוונות קיין ארץ ישראל, אָבער ווי האָט דער סאדיגורער רבי געזאָגט: —„איך האָב ניט ליב קיין שניי — א זאך, וואָס לייגט זיך אוועק אזוי ווייס, און צום סוף ווערט דערפון גאָר א בלאָטע"...

אין תל־אָביב, וואו איך האָב יאָרן לאנג געוואוינט, זענען שטענדיק פאָרגעקומען סכסוכים צווישן ארבעטסגעבער און אר־בעטער, צווישן ארבעטער גופא א. ד. גל. אויך דער שטאט־ראט, וואָס האָט געזאָלט ארבעטן לטובת אלע שטאט־תושבים, איז פארוואנדלט געוואָרן אין א קאמפּס־ארענע, וואו ס'זענען פאָר־געקומען סקאנדאליעזע צוזאמענשטויסן.

אזוי ווי איך בין אין יענער צייט אויסגעקליבן געוואָרן אלס ראטמאן אין שטאָט־ראט, האָב איך געהאט אַ געלעגנהייט צו באַאָבאכטן אחד־העמ'ן אויף די שטורמדיקע זיצונגען פון שטאָט־ראט.

אין מיין בוך „דער מענטש ביאליק" האָב איך, אגב אורחא, פארצייכנט אַ טייל פון מיינע זכרונות וועגן אחד־העמ'ן אין יענער תקופה. און איצט וועל איך צוגעבן נאָך אייניקע הוספות צו זיי.

די תל־אביבער ארבעטערשאפט האָט דאן געהאט אַ גרויסע צאָל פארטרעטער אין שטאָט־ראט. זייערע ראטמענער זענען מערסטנס געווען געבילדעטע און אינטעליגענטע מענטשן. צווי־שן זיי אָבער האָט זיך געפונען אויך „חלבנה", איינער א פאר־טרעטער אַ „היפשער עם־הארץ". ווי געוויינלעך, פלעגט דער דאָ־זיקער עם־הארץ שרייען העכער פון אלעמען. אחד־העם האָט אָט דעמדאָזיקן פאָרשטייער זייער געהאסט און אלעמאָל גערעט מיט ביטול און סארקאזם וועגן אים.

די לינקע פועלי ציון, צו וועלכע איך האָב דאן באלאנגט, זענען געווען ,אין אָנהויב סעסיע, פארטראָטן אין שטאָט־ראט דורך יצחקין (יצחאקי), אַ יונגער פלאַמפייערדיגער רעדנער און קעמפער פאר די ארבעטער אינטערעסן. אזוי ווי אחד־העם האָט מערסטנס געשטימט מיטן רעכטן פליגל פון שטאָט־ראט, האָט זעלטן פאסירט, אז ביי דער אָפּשטימונג וועגן פארשיי־דענע פראגן זאָל אחד־העם שטימען פאר יצחאקי'ס עקסטרעמע פאָרשלאָגן, און פארקערט.

ווי איבערראשט בין איך דעריבער געוואָרן, ווען איך האָב זיך דערוואוסט אַז אחד־העם האָט געשטימט פאר יצחקין, אלס אַ פאָרשטייער פון די ארבעטער אין „ארביטריישאָן קאָמיטעט", קעגן אַן אנדער מעסיקן פאָרשטייער פון די ארבעטער.

ווען מען האָט נאָכדעם אחד־העמ'ן געפרעגט, ווי קומט עס, אַז ער זאָל שטימען פאר דעם עקסטערם־לינקן יצחקין, האָט ער געענטפערט — „אזוי ווי לויטן באשלוס פון שטאָט־ראט

דאַרף די דאָזיקע קאָמיטע זיין אַ פּאַריטעטע, צוזאַמענגעשטעלט פון אַ גלייכער צאָל פאָרשטייער פון אַרבעטער און אַרבעטסגע־בער, האָב איך דעריבער געשטימט פאַר אַ ריכטיקן פאָרשטייער פון די בעלי־בתּים און פאַר אַ ריכטיקן פאָרשטייער פון די אַר־בעטער — יצחקי'ן און ניט פאַר אַ פּאַרעוועון און מעסיקן פאָר־שטייער פון די אַרבעטער, וואָס איז גענויגט צו פּשרות אויפן חשבון פון די אַרבעטער"...

זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן אויך אַזאַ פּאַסירונג: אין יענער צייט, וואָס אחד־העם האָט זיך באַטייליקט אין שטאָט־ראַט זע־נען פאָרגעקומען סכסוכים צווישן אידן און אַראַבער, ווייל אַראַ־בישע באַנדעס האָבן דעמאָלט געבושעוועט אין לאַנד און טע־ראָריזירט אידן.

ויהי היום האָט פּאַסירט, אַז אַראַבער האָבן דערשאָסן אַ אידישן חלוץ, וואָס איז דאָ געבראַכט געוואָרן צו קבורה, אין תּל־אָביב. ווען די מלווים האָבן זיך צוריקגעקערט פונם בית־הקברות, האָט אויסגעבראָכן אַ געשלעג צווישן זיי און אַראַבער, וואָס זענען אַנטקעגנגעקומען אויפן וועג. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז נאָך דער קריגעריי האָט מען געפונען אויפן וועג אַ געטויט אַראַביש קינד. האָט זיך דאַמאָלט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דאָס האָבן אידן געטאָן, אום צו נעמען נקמה פון די אַראַבער.

אויף דער זיצונג פונם שטאָט־ראַט, וואָס איז פאָרגעקומען נאָך דער דאָזיקער טרויעריקער פּאַסירונג, האָט אחד־העם מיט זיינע לעצטע כּוחות פּראָטעסטירט קעגן נקמה געפיל, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט ביי איינקע יונגעלייט.

ליידער האָב איך ניט אונטערן האַנט דעם טעקסט פון זיין מערקווירדיקער רעדע אין שטאָט־ראַט. אָבער אַזוי ווי אחד־העם האָט וועגן דער פּאַסירונג פאַרעפנטליכט אַ בריוו אין „הארץ", וועל איך איבערגעבן איניקע שטעלן פון אים:

„פון דעם טאָג אָן, וואָס איך האָב מיך וועגן דעם דערוואוסט (וועגן געהרג'טן קינד) — און באַזונדערס, ווען איך האָב גע־

זען די באַציאונג פון אונזער עולם, איז מיין הארץ פול מיט טרויעריקע געדאַנקען, און איך פיל, ווי עס שאָקלען זיך אַלע יסודות, וואָס אויף זיי האָב איך געבויט מיין בליק אויפן אידנ־טום און ציונות נאָך פון מיין יוגנט אָן. און, אויב די דאָזיקע (יסודות) וועלן געשטירצט ווערן, וואָס איז פאַרבליבן אויף דער עלטער פון דער גאַנצער מי, וואָס איך האָב זיך באַמיט מיין גאַנץ לעבן, אויסער אַ ליידיק הארץ און אַ יאושדיקער גייסט? „אַ איד און בלוט! זענען דאָן פאַראַן גרעסערע היפוכים ווי די דאָ־זיקע?" — אַזוי האָב איך פאַרענדיקט איינעם פון מיינע ערש־טע אַרטיקלען מיט אַ סך, אַ סך יאָרן צוריק און איך בין דאָן געווען זיכער, אַז דאָס איז אַ „ערשטער פאַסטולאַט", וואָס קיין איד צווייפלט ניט אין זיין ריכטיקייט. וואָס דען האָבן מיר גע־ראַטעוועט פונם חורבן, אויב ניט די תורה פון אונזערע נביאים, וואָס מיר האָבן מיטגענומען אויפן לאַנגן גלות־וועג, צו באַ־לייכטן די פינצטערנישן פון אונזער לעבן אין דער פרעמד? אונ־זער בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער אין אַלע פיר עקן פון דער וועלט אין אַ משך פון טויזנטער יאָרן, און מיר האָבן קיין בלוט ניט פאַרגאָסן —

. . . און האָט האָבן מיר, די זין פון איצטיקן דור, זוכה געווען צו זען אַזוי ווי אַן „אָנהויב פון גאולה". . . און מיר די זקנים פון איצטיקן דור, זענען געווען אַזוי ווי די וואָס חלומ'ען, געזען און געשטוינט: האָט באמת זיך דערנענטערט דער „קץ"? קומען באמת די גרויסע טעג, וואָס אונזערע נביאים האָבן גע־זען אין זייער דמיון?

. . . און אָט־וואָס זאָלן מיר זאָגן און וואָס זאָלן מיר רעדן, אויב ס'איז אמת, וואָס מ'דערציילט? אָ, גאָט! איז דאָס דער קץ?... איז דאָס דער חלום פון "שיבת ציון", דער צוריקקער קיין ציון, וואָס אונזער פאָלק האָט געחלומט טויזנטער יאָרן: אַז מיר זאָלן קומען קיין ציון און מטמא זיין איר ערד דורך פאַרגיסן אומ־שולדיק בלוט?. . . צוליב וואָס זענען מיר געקומען אַהער? איז דאָס בלויז צוליב דעם, אַז מיר זאָלן צוגעבן אין איינעם פון די

מזרח ווינקלען אַ קליין פאָלק פון נייע לעוואנטינצעס (מזרח־מענטשן), וואָס זאָלן קאָנקורירן מיט די עקזיסטירנדיקע לע־וואנטיצעס אין אלע זייערע פארדאָרבענע זיטן — די שטרעבונג צו בלוט, נקמה, קריגערייען א. א. וו., וואָס זיי זענען דער אינ־האַלט פון זייער לעבן? „אויב דאָס איז דער משיח זאָל ער קומען און איך זאָל אים ניט זען"...

עס איז פאר מיר קלאָר, אַז, ווען ניט זיין קראנקהייט, וואָלט ער געוויס ניט געווען איינגעשטימט צו באַטייליקן זיך אין אַן אינסטיטוציע, וואָס איז פאסנד פאר פּאָליטישע טוער, געניטער, פאר „פּאָליטישנס" און ניט פאר עטישע מענטשן פון אחד־העמ'ס קאַליבער. ער האָט, לויט מיין מיינונג, איינגעוויליקט צו באטיי־ליקן זיך אינם שטאָט־ראט בלויז דערפאר, וואָס זיין ווידער־שטאַנדסקראפט איז אָפּגעשוואכט געוואָרן.

זאָל דאָ אויך פארצייכנט ווערן נאָך איין באגעגעניש מיינע מיט אחד־העמ'ן. אין יאָר 1925, דוכט זיך מיר, האָט דער שרייבער אלטער קאציזנע באזוכט ארץ־ישראל. אין יענער צייט פלעגט קאציזנע, וועלכער איז אַ פּראָפעסיאָנעלער פאָטאָגראפיסט, צושטעלן דעם ניו־יאָרקער „פאָרווערטס" פאָטאָגראפישע בילדער. איינמאָל שטעלט מיך אָפּ קאציזנע אין גאס, אין תל־אָביב און זאָגט מיר, אַז ער וויל ארייננגיין צו אחד־העמ'ן אים צו פאָטאָ־גראפירן און אַוועקשיקן זיין בילד אין „פאָרווערטס", אָבער מען זאָגט אים, אַז אחד־העם דערלויבט עס ניט.

האָבן מיר באשלאָסן צוזאמען באזוכן אחד־העמ'ן. אריינ־געקומען צו אים אין הויז אריין, האָבן מיר אים געטראָפן זיצן אויף א שטול, אין זיין גרויסן ביבליאָטעק־צימער, אָנגעשפּארט אויף אַ שטעקן און רויכערנדיק מיט טרייסלענדיקע פינגער אַ ציגארעטל. ער איז געווען אויף אזוי פיל שוואך, אז מיר האָבן קוים געהערט, וואָס ער האָט אונז געזאָגט.

איך האָב אים פאָרגעשטעלט קאציזנען, אלס אַ אידישער שרייבער, אַ מיטארבעטער פון „פאָרווערטס", וואָס וויל אים

פאָטאָגראַפירן פאַר זיין צייטונג. לכתחילה, האָט ער ניט איינגע־שטימט דערצו. שפּעטער אָבער האָט ער געזאָגט קאַציזנען — „אויב איר דענקט, אַז אידן ווילן זען מיין בילד, דערלויב איך אייך דאָס צו טאָן".

פון זיינע בריוו האָב איך לעצטנס זיך דערוואוסט, אַז אין די פריערדיקע יאָרן האָט ער בשום־אופן ניט איינגעשטימט צו פאַרשפּרייטן זיין בילד און בלויז אינטימע פריינט האָט ער עס געגעבן. איצט אָבער צוליב זיין קראַנקהייט, איז זיין ווילנס־קראַפט אָפּגעשוואַכט געוואָרן און דעריבער האָט ער איינגע־שטימט צו טאָן זאַכן, וואָס זענען געווען קעגן זיינע פּרינציפּן.

* * *

זיינע פריינט און פאָרערער צווישן זיי אויך זיינע געוועזענע אידעאָלאָגישע געגנער, האָבן אים אַרומגערינגלט מיט גרויס לי־בע און אַכטונג, געטאָן אַלץ, וואָס ס'איז מעגלעך געווען, צו לינדערן זיינע פיזישע און גייסטיקע שמערצן. אויך די חכמי־ליזשאַנקע, פאַרשידענע ניט פאַרגינער און רכילות טרייבער האָבן אים געשוינט...

דורך דער צייט, וואָס ער האָט געוואוינט אין תל־אָביב, האָט ער פאַרעפנטליכט זעקס בענדער פון זיינע בריוו, וואָס האָבן, ווי באַמערקט, אַ גרויסע באַדייטונג. ער האָט אויך דיקטירט הוספות צו זיינע פריערדיקע זכרונות.

אחד העם איז געווען צופרידן פון דעם, וואָס ער האָט זוכה געווען צו זען די „אתחלתא דגאולה", דעם אָנהויב פון די גאולה, דעם אָנהויב פונם אויפבוי פון לאַנד.

צו דער פייערלעכער דערעפנונג פונם העברעאישן אוניווער־סיטעט איז ער ניט געקומען צוליב זיין שוואַכן געזונט. אָבער ער האָט צוגעשיקט אַ בריוו אין וועלכן ער האָט געזאָגט: „אויך מיר די „וועקגייער", (ד. ה. מענטשן פונם פריערדיקן דור), האָבן געהאַט אַ „הויז", וואָס מיר האָבן געגרינדעט מיט פיל מי (און אָנדייט אויפן „בית הספר שביפו", די יפו'ר שולע, דער ליבלינג

פון די חובבי ציון א. ש.)... און מיר היינט, וואָס זען דעם אויפבוי פונם „צווייטן הויז" (ד. ה. דער העברעאישער אוני־ווערסיטעט) האָבן ניט קיין אורזאַך צו וויינען, ווען מיר דער־מאָנען זיך אָן דעם ערשטן הויז, וואָס מיר האָבן געבויט מיט איין דור צוריק; להיפך, מיר פרעגן זיך אליין מיט אַ האַרץ פול מיט פרייד: ווער האָט דאַמאָלט געקאָנט אונז זאָגן, אַז מיר וועלן נאָך זוכה זיין און זען מיט אונזערע אויגן די גרינדונג פון דעמ־דאָזיקן הויז. אויך מיר, די זין פון יענעם דור, האָבן געחלומ׳ט, אָבער חלומות פאַר ווייטערדיקע דורות, און מיר האָבן ניט גע־גלויבט, אַז אין משך פון 30 יאָר זאָלן מיר דורכגיין אזא ווייטן און שווערן וועג: פון דער יפו׳ר שולע ביז די וויסנשאַפטליכע אינסטיטוציעס אויפן „הר הצופים".

אַ גענויע שילדערונג פון אחד־העמ׳ס לעבן אין ארץ־ישראל האָט פאַרעפנטליכט (דוכט מיר אין „העולם") מיין פריינט י. פאַ־גרעבינסקי, אחד־העמ׳ס סעקרעטאַר אין ארץ־ישראל. וועל איך דאָ איבערגעבן די וויכטיגסטע טיילן פון די זכרונות, באַנוצנדיק זיך מיט דער סעפּעראַט־אויפגאַבע פון די דערינערונגען (י. פאגרעבינסקי, מזכרונותי על אחד־העם, ת"א, תרצ"ז):

## די ערשטע באַגעגעניש

דער באַקאַנטער שרייבער י. ח. ראַווניצקי האָט רעקאָמענ־דירט פאַגרעבינסקי׳ן, וואָס איז געווען דאַמאָלט אַ „שוואַרצער אַרבעטער", אַ חלוץ, אַלס אַ סעקרעטאַר צו אחד־העמ׳ן.

„איך בין געקומען אין דער באַשטימטער צייט. כאָטש ס׳איז געווען גאַנץ פרי (9 אַ זייגער), איז אחד־העם שוין געזעסן אין זיין אַרבעטס־צימער. די דינסט האָט אים געמאָלדן וועגן מיין קומען. ער האָט מיך איינגעלאַדן אין זיין אַרבעטסצימער. קום איך אַריין און זע ביי אַ שרייבטיש אין אַ לאַנגן צימער, וואָס איז פול מיט אָפענע ביכער־שראַנקען, אויף אַ נידריקן שטול זיצט דער מחבר פון „על פרשת דרכים". ניט געקוקט אויף זיין

קליינעם וואוקס און אויף זיין פיזישער שוואכקייט, וואָס האָט זיך נעוואָרפן אין די אויגן, האָב איך זיך געפילט זייער קליין ווי איינער, וואָס שטייט פאר א ריז. אזוי ווי איך בין געווען צוטומלט, האָב איך פארגעסן צו באגריסן אים. באלד בין איך געקומען צו זיך. אויף די שפיצפינגער האָב איך זיך דערנענטערט צום טיש און באגריסט אים. ער האָט מיך פריינטלעך געבעטן זיצן, געקוקט אויף מיר און געזאָגט מיט זיין קלאָרער שטימע אין העברעאיש: „זייער גוט, וואָס דו ביסט געקומען. געוויס האָט דיך אהער געשיקט מיין פריינט ראַווניצקי, און געוויס האָט ער דיר אויך געזאָגט צוליב וואָס איך דארף דיך האָבן. אָבער איך וועל מער ניט רעדן מיט דיר ביז דו וועסט זיך, קודם כל אַוועקזעצן.

און ווען איך האָב זיך אנידערגעזעצט, האָט ער מיר געזאָגט: „זיי וויסן, אז איך נויטיק זיך אין דיין הילף, אז דו זאָלסט ארבעטן מיט מיר צוזאמען עטליכע שעה יעדן טאָג, העלפנדיק מיר איינצואָרדענען און קאָפּירן מיינע בריוו, וואָס איך גרייט איצט צו צום דרוקן. ביז איצט האָב איך אליין געטאָן ביידע ארבעטן צוזאמען. צום באדויערן אָבער קאָן איך דאָס מער ניט טאָן. דעריבער האָב איך אָנגענומען ראַווניצקי׳ס עצה צו באשעפטיקן אן ארויסהעלפער... איך מוז אָבער צוגעבן, אז, אויב דו וועסט ניט זיין פאסיק פאר מיר, בין איך פריי, נאָך א פראָבע פון איין וואָך, אָפּצושטעלן דיין ארבעט פאר מיר. זיי וויסן, אז איך פאָדער פון דיר, קודם כל, דריי זאכן: פינקטלעכקייט אין דער צייט און אין דער ארבעט, א גרינטליכע קענטעניס פון העברעאיש, דאָס פאָלשטענדיקע אָננעמען פון מיין טראנסקריפּציע. אויב דו וועסט זיין פאסיק פאר מיר, וועסטו ביי מיר ארבעטן ביז דאָס בוך וועט פערענדיקט ווערן; און אויך נאָכדעם האָף איך צו האָבן ארבעט פאר דיר".

פאגרעבינסקי האָט זיך זייער געפרייט מיט דער געלעגנהייט, וואָס ער האָט איצט צו ארבעטן מיט אחד־העמ׳ן, אָבער ער האָט

איבערגעטראכט — אפשר וועט אחד־העם ניט זיין צופרידן פון זיין ארבעט.

## דער אָנהויב פון דער ארבעט

ניין א זייגער אין דער פרי בין איך געקומען אין אחד־העמ׳ס ארבעטס צימער. ער איז געזעסן אויף א שטול לעבן טיש און געשריבן. ער האָט זיך געווענדט צו מיר און איינגעלאדן מיך צו זעצן זיך ביים טיש און מיט א פריילעכן געמיט מיר געזאָגט:

„איך בין צופרידן, וואָס דו ביסט געקומען אין דער באַ־באשטימטער צייט. ווארט, ביטע, א ווײַלע און איך וועל דיר דערקלערן, וואָס איך וויל פון דיר, און נאָכדעם וועסטו אָנהויבן, אין א גוטער שעה, צו ארבעטן".

אחד־העם האָט אים אָנגעוויזן אויפן סדר פון דער ארבעט — וועלכע שטעלן פון די בריוו ער זאָל קאָפּירן און וועלכע ער זאָל אויסלאָזן, און די באשטימטע צייכנס דאַרויף. דערצו האָט ער צוגעגעבן, אַז פּאגרעבינסקי מוז אָפּהיטן אחד־העמ׳ס אויס־לייג. למשל, האָט אחד העם געזאָגט, איך שרייב אלעמאָל די פרעמדשפּראכיקע נעמען מיט אן אלף צום סוף ווי למשל, אור־דיסאַ, אמעריקא, אנארגיא, א. ד. גל... און איך וויל ניט אז אין מיינע לעצטע יאָרן, זאָלסטו אָדער עמיצער אנדערש, ענדערן די כללים, וואָס איך האָב באשטימט אין אָנהויב פון ליטעראַ־רישער ארבעט".

„פון דעם טאָג אָן פלעג איך יעדן טאָג אין א באשטימטער שעה, קומען צו אחד־העמ׳ן, ווען איך פלעג טרעפן זיצן ביים טיש, רעדאגירנדיק און צוגרייטנדיק מאטעריאל פאר מיין אר־בעט. ווער ס׳האָט ניט געזען אים זיצנדיק און ארבעטנדיק, האָט קיינמאָל ניט געזען קיין הייליקע ארבעט. רעגנס, שטורעמס, אָדער שטורעמדיקע פּאסירונגען אין דרויסן — וואָס איז דאָס אלץ פאר אחד־העמ׳ן, אז ער זאָל זיי שיינקען זיין אויפמערק־זאמקייט?

# זיין ארבעטס סיסטעם

דאָס רעדאגירן די בריוו איז ניט געווען קיין פּשוטע און לייכטע ארבעט. אין פלוג איז די ארבעט ניט קיין שווערע. די בריוו זענען געשריבן געוואָרן מיט צענדליקער יאָרן צוריק צו גרויסע אידישע פּערזענליכקייטן און געלערנטע. און אחד־העם פלעגט וועגן און מעסטן יעדן וואָרט, און צומאָל, לויט ווי ער האָט מיר איבערגעגעבן, האָט ביי אים גענומען עטלעכע טעג אָנצושרייבן אַ בריוו. ער פלעגט זיך אלעמאָל נוהג זיין איבערצולאָזן פאר זיך אַ קאָפּיע פון יעדן בריוו״.

און דאָך האָט ער זייער אַ סך געארבעט אויף דער רעדאגירונג פון די בריוו, ווייל עס איז שווער געווען פאר אים צו באַשליסן, צי געוויסע בריוו זענען אינטערעסאנט, צי ס׳איז צייטמעסיק זייער פארעפנטליכונג א. א. וו. ער פלעגט וועגן די אלע פראגן זייער פיל נאָכדענקען און אויך באראטן זיך מיט זיינע פריינט.

„און נאָך אן אינטערעסאנטער עפּיזאָד פון יענע טעג: אחד־העם האָט אָנגעטראָפן עטלאכע בריוו זיינע אין פארבינדונג מיט אַ געוויסן אינצידענט, וואָס האָט פאסירט אין יאָר 1914, אין אָדעס, צווישן די דאָרטיקע שרייבער.

אָט וואָס ס׳האָט דאמאָלט פאסירט: צום דאמאָלסטדיקן יוביליי פון מענדעלע מוכר ספרים האָט ראווניצקי פאָרגעשלאָגן אינעם פאריין „חובבי שפת עבר״, אז מענדעלע זאָל אויסגעקליבן ווערן אַלס אן ערן חבר פון פאריין. אָבער דער פאָרזיצער פון פאריין, מ. מ. אוסישקין איז געווען געגן דעם פאָרשלאג, ווייל מענדעלע פלעגט אָפּשפּעטן פון די, וואָס רעדן העברעאיש, (אויף וויפיל מיר איז באוואוסט, איז אוסישקין געווען געגן דעם פאָרשלאג אויך דערפאר, וואָס מענדעלע האָט אָנגעהאלטן זייער פריינדליכע באַציאונגען מיט זיין געשמדטן זון. אגב, זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז זיין זון האָט זיך שפּעטער צוריקגעקערט צום אידנטום א. ש.)

ראווניצקי׳ס פּאָרשלאָג איז אונטערגעשטיצט געוואָרן פון ביאַליק׳ן און אין דעם וויכוח איבער דער פראגע האָט אויסגע־בראָכן אַ שטארקע קריגעריי צווישן אוסישקינ׳ען און ביאַ־ליק׳ן... אחד־העם, וואָס האָט דאמאָלט געוואוינט אין לאָנ־דאָן, האָט זיך געווענדעט צוביידע בעלי־מחלוקה און זיי פאַר־געוואָרפן, אז זיי מאכן זיך אליין און אויך די העברעאישע ליטע־ראטור צו שאנד און שפּאָט. אויף וויפיל איך געדענק האָבן אחד־העמ׳ס בריוו געמאכט דעם גרעסטן רושם, און ביאַליק מיט אוסישקינען האָבן זיך איבערגעבעטן.

אחד־העם האָט ניט געקענט באַשליסן, צי ער זאָל פאַרעפנט־ליכן די דאָזיקע בריוו. ער האָט דעריבער זיך אָנגעפרעגט ביי ביי־דע צדדים און מיט זייער צושטימונג פארעפנטליכט די בריוו.

## אחד העם און ח. וויצמאַן

אחד־העם האָט זייער ליב געהאַט וויצמאַנ׳ען. און, ווען אחד־העם האָט זיך באַזעצט אין לאָנדאָן, איז וויצמאַן געוואָרן ביי אים אַ בן־בית. אין די יאָרן פונם וועלט־קריג, ווען ס׳זענען געמאַכט געוואָרן די פּאָרברייטונגען פאַר דער באַלפור דעקלע־ראַציע, האָט אחד־העם אויף דער ביטע פון וויצמאַנ׳ען זיך אָנ־געשלאָסן אין דער פּאָליטישער קאָמיסיע, וואָס וויצמאַן האָט אָרגאַניזירט.

ווען וויצמאַן פלעגט קומען קיין ארץ־ישראל, האָט ער אלע־מאָל באַזוכט אחד־העמ׳ן און ווער ס׳האָט ניט געזען זייער לעצ־טע באַגעגניש אין פרילינג, יאָר תרפ״ו, האָט קיינמאָל ניט גע־זען קיין מער טראַגישע באַגעגניש. אחד־העם איז געווען זייער טרויעריק און, ווען וויצמאַן איז געקומען זיך געזעגנען מיט אים האָט אחד־העם געהייסן דערלאַנגען זיך דאָס קליינע תנ״כ׳ל, מיט וועלכן ער האָט זיך שטענדיק באַנוצט, און נאָכדעם ווי ער האָט אויף דעם אויפגעשריבן אייניקע זאַכן האָט ער געזאָגט צו וויצמאַנען: „געדענק, חיים, אז צום לעצטן מאָל אין מיין

לעבן זע איך דיך. דען, ווער ווייסט, צי מיר וועלן זיך נאָכ־אמאָל באַגעגנען. און כדי עס זאָל ביי דיר פארבלייבן עפּעס אַן אָנדענק פון אונזער לעצטן אָפּשייד, וועל איך דיר געבן אַ ספר אלס מתנה; אָבער ניט סתם אַ ספר, נייערט אונזער „ספר הספרים" (דאָס בוך פון די ביכער), דאָס בוך איבער וועלכן מיר ווערן אלעמאָל געטויט, און מיט זיין כוח לעבן מיר דאָך — דאָס בוך פון תנ"ך".

„זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז איינמאָל איז פאָרגעקו־מען אַ סכסוך צווישן אחד־העמ'ן און וויצמאַנ'ען — אין דער פראגע וועגן אידישן לעגיאָן, ווייל אחד־העם האָט געפאָדערט פון וויצמאַנ'ען, אַז ער זאָל ניט שטיצן דעם לעגיאָן, אָן דער צושטימונג פון דער פּאָליטישער קאָמיסיע.

„אזוי ווי וויצמאַן האָט דאָך געשטיצט זשאַבאָטינסקין אין זיין ארבעט פארן לעגיאָן, האָט אחד־העם געמאכט אַ שטרענגן פאָרוואורף וויצמאַנ'ען אין אַ בריוו צו אים: „עס איז געווען אַ צייט, ווען דו האָסט מסכים געווען מיט אונז אין דער פראגע פונם לעגיאָן (ד. ה. אין אַ נעגאטיווער שטעלונג צו אים — א. ש.) ווען דו האָסט געענדערט דיין מיינונג ווייס איך ניט גע־נוי... איך דענק, אַז ס'איז פיל בעסער אַז אויף דער נאָענטער זיצונג (פון דער פּאָליטישער קאָמיסיע א. ש.), זאָלסטו מעלדן קלאָר און דייטליך דיין מיינונג און דאַן, פארשטענדלעך, וועט זיך די גאנצע לאגע ענדערן, און די פארהאנדלונגען וועלן אָננעמען אַן אנדער ווענדונג..."

וויצמאַן האָט דאַן צוגעשיקט אַ רעזיגנאציע־בריוו צו דער ציוניסטישער לייטונג, אָבער, אויף דער אויפפאָדערונג פון אחד־העמ'ן איז ער פארבליבן אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע.

## אחד העם און זשאַבאָטינסקי

„אויך אחד־העמ'ס באַציאונג צו זשאַבאָטינסקי'ן איז געווען

אַ פריינטליכע, ניט קוקנדיק אויף די חלוקי־דיעות צווישן זיי אין דער פראגע פונם לעגיאָן און אין אנדערע פראגן.

„אמאָל האָב איך געפרעגט אחד־העמ׳ען, צי ער האָט זיך באַגעגנט מיט זשאבאָטינסקי׳ן, האָט ער מיר געזאָגט: „זשאבאָטינסקי איז מיינער אַ פריינט. און, כאָטש, מיר זענען ניט אין נאָענטע באַציאונגען, זענען מיר דאָך פאַרבליבן פריינט. ווען ער איז געקומען פון מצרים און אָנגעפירט זיין אגיטאציע פאַרן לעגיאָן, פלעגט ער באזוכן מיין הויז... או אזוי ווי איך האָב ניט געקענט און ניט געוואָלט צוליב מיינע אָנשויאונגען איינשטימען צו דער שאפונג פון אַ לעגיאָן, האָט זשאבאָטינסקי אויפגעהערט זיך באגעגענען מיט מיר. און פון דאן אָן האָבן מיר זיך אפילו ניט דורכגעשריבן.

ווען זשאבאָטינסקי איז געקומען קיין ארץ־ישראל, אָנהויב יאָר תרפ״ז, האָט דר. גליקסאָן, דער רעדאקטאָר פון „הארץ״ אָנגעשריבן אַן ארטיקל לכבוד זשאבאָטינסקי׳ן. דער ארטיקל איז געשריבן געווען זייער אומקלאָר און צווײדייטיק.

„ווען איך האָב דעם ארטיקל פאָרגעלייענט אחד־העמ׳ען, האָט ער געזאָגט צו מיר: „איך פארשטיי ניט, וואָס וויל גליקסאָן זאָגן, אַז זשאבאָטינסקי איז אַ גרויסער מענטש, דאָס ווייסן דאָך אלע. ער האָט באדארפט באשטימען זיין (גליקסאָנס) באציאונג מיט דייטלעכע ווערטער, צי ער איז פאר זשאבאָטינסקי׳ס פּלענער אָדער קעגן זיי...

אחד־העם האָט זייער געוואָלט ווידער זיך באגעגענען מיט זשאבאָטינסקי׳ן. ליידער אָבער איז דער לעצטער געווען זייער פארנומען די ערשטע טעג פון זיין באזוך אין ארץ־ישראל. ענדלעך האָט אחד־העם באקומען זייער אַ הארציקן און פריינטליכן בריוו פון זשאבאָטינסקי׳ן, אין וועלכן ער דריקט אויס זיין וואונש „אָנצוקלאפּן אין דער טיר פונם אלטן לערער, ר׳ אשר גינזבורג״.

ווען זשאבאָטינסקי איז אריינגעקומען אין אחד־העמ׳ס אַרבעטס צימער, איז אחד־העם אויפגעשטאַנען פון זיין שטול און

געזאָגט צו אים: „ראה פניך לא פללתי״, איך האָב ניט געדאכט, דיין פנים צו זען. זשאבאָטינסקי האָט אים געפרעגט וועגן זיין געזונט, און אחד־העם האָט אים געענטפערט, „ס'איז מיר זייער שלעכט, איך גיי שטארבן — און עס איז גוט אזוי! ווייל אזא לעבן עקלט מיך״.

זשאבאָטינסקי האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול און געזאָגט „רבי אשר, איך וויל ניט און קען ניט הערן פון אייך אזעלכע רייד, הערט אויף״ און ער האָט ניט איינגעשטימט אוועקצוזעצן זיך ביז אחד־העם האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן אַנדערע ענינים.

„נאָכדעם האָבן זיי געשמועסט וועגן ציוניזם און וועגן דער מיינונגס פארשידנהייט צווישן אים און דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע. אויף אחד־העמ'ס בקשה האָט זשאבאָטינסקי אים איבערגעגעבן די פּרטים פון זיין פּראָגראם. אחד־העם האָט אים אויסגעהערט מיט גרויס פאראינטערעסירונג.

אין לויף פון שמועס האָט זשאב. געמאכט אזא באמערקונג: „איר נעגירט די נויטווענדיקייט פון אַ אידישער מערהייט אין ארץ־ישראל און באנוגנט זיך בלויז מיט א גייסטיקן צענטער; און איך דענק, אַז אין אייער קאמף מיט הערצל'ן זענט איר אין דעם פּרט ניט גערעכט געווען; ווייל אָן אַ אידישע מערהייט איז ניט מעגלעך קיין שום שטאטס־טעטיקייט און קיין געזעלשאפטלעכע ארבעט אויף אַ גרויסן מאסשטאַב״.

דאן איז פאָרגעקומען אַ וויכוח צווישןביידן. אחד־העם איז באשטאנען אויף דעם, אז אין זיינע שריפטן רעדט ער וועגן דער וויכטיקייט פון א אידישער מערהייט אין ארץ־ישראל, בעת זשאבאָטינסקי האָט געהאלטן, אז „לויט אחד־העמ'ס שריפטן קומט אויס, אז פופציק טויזנט אידן, וואָס זענען דערצויגן אין אידישן גייסט, זענען חשובער פון די פופצן מיליאָן אידן אין דער גאנצער וועלט״.

ס'איז דאן באשלאָסן געוואָרן, אז דער סעקרעטאר, י. פּאַ־

גרעבינסקי, זאָל אויסגעפונען דעם פּאַסוס אין אחד־העמ׳ס שריפ־טן, וואו ער רעדט וועגן א אידישן רוב אין ארץ־ישראל.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט דער סעקרעטאר אויסגעפונען דעם פּאַסוס אין אחד־העמ׳ס עסיי „שלש מדרגות״ (עפ״ד כרך ב׳, עמודים סד־סה).

א קאָפּיע פון דעם פּאַסוס האָט איך איבערגעגעבן זשאבאָ־טינסקי׳ן. אויף אַ באנקעט וואָס מ׳האָט איינגעאָרדנט אין תל־אָביב פאר זשאבאטינסקין האָט ער געזאָגט: „די לערע וועגן א אידישער מערהייט אין ארץ־ישראל פון וועמען האָב איך זי גע־לערנט? פון אחד־העמ׳ן״.

ווען כ׳האָב אחד־העמ׳ן פאָרגעלייענט די דאָזיקע שטעלע פון זשאבאָטינסקי׳ס רעדע, האָט אחד־העם באמערקט צו מיר: איך וויים ניט פארוואָס, אָבער אלע מיינע יאָרן באמי איך זיך צו דערקלערן, אז צוויי מאָל צוויי איז פיר. און אַלע מיינע שריפטן זענען בלויז אַ פּירוש אויף מיינע ערשטע רייד, וואָס מען האָט אין זייער צייט ניט פארשטאנען, און ס׳ווייזט אויס, אז מ׳וויל זיי אויך אצינד ניט פארשטיין. דעמדאָזיקן פּאַסוס, וואָס האָט פארשאפט זשאבאָטינסקין אזוי פיל פרייד, האָט מען ביז איצט ניט באמערקט, און ביז איצט דענקען אלע, אז מיין מיינונג איז אַוועקצוזעצן אין ארץ־ישראל א „מנין״ פון מאָדערנע בטל־נים, וואָס זאָלן דאָרט שאפן אַ גייסטיקן צענטער. זיי האָבן שטענדיק פארגעסן און אויך איצט פארגעסן זיי, וואָס איך האָב א סך מאָל אונטערגעשטראָכן, אז דער גייסטיקער צענטער נוי־טיקט זיך אין גשמיות און, אַז אָן אַ אידישער מערהייט אין ארץ־ישראל קאָן דער גייסטיקער צענטער ניט געשאפן ווערן . . . וואָס ס׳איז מאָדנע און פארדריסיק איז דאָס, וואָס איך האָב קיינמאָל ניט גערעדט מיט רמזים און אַ סך פּינטעלך אזוי ווי אנדערע האָבן געטאָן, און אויך מיין סטיל איז קלאָר און דייטלעך און דאָך . . . ״

דאָס איז געוועזן די לעצטע באגעגניש צווישן די דאָזיקע פּער־

זענליכקייטן. מיט עטליכע חדשים שפעטער איז אחד־העם אוועק פון אונז.

* * *

אין זומער תרפ״ו איז אחד־העם ווי אין די פריערדיקע יאָרן, געפאָרן קיין חיפה, כדי אָפּצופרישן זיין געזונט, און דערביי אויך פייערן דאָרט זיין זיבעציק יעריקן יובילײ, וואָס האָט אים פאַרשאַפט א סך פרייד. ער איז געווען באזונדערס צופרידן פון די ליטעראַרישע ביילאגעס, וואָס זענען דערשינען וועגן אים, אין די היגע צייטונגען.

„נאָך ראש השנה האָבן מיר באַניַיט די ארבעט: אויך אין דעם „קיצור על פרשת דרכים״ (שפּעטער דערשינען אונטערן טיטל „לקט״, א. ש.) און אויך אין דער פאָרטזעצונג פון זיינע „זכרונות״. ער איז געוואָרן שוואכער פון טאָג צו טאָג, און דאָך, ניט געקוקט אויף זיינע גרויסע ליידן, האָט ער זיך אינטערעסירט מיט אלץ, אפילו מיט די שטאָט־וואלן אין תל־אביב, און צווישן איין הארץ־אטאקע און אן אנדערער האָט ער פאָרטגעזעצט זיינע זכרונות און אויך געארבעט מיט ראווניצקי׳ן אויפן „קיצור על פרשת דרכים״.

„ער האָט ניט אויפגעגעבן די ארבעט ביז די לעצטע טעג פון חודש טבת. פלוצלינג האָט ער אָנגעהויבן פילן זייער שלעכט, און אין כ״ח טבת תרפ״ז איז ער אוועק פון אונז.

* * *

ס׳איז כדאי דאָ צו ברענגען א כאראקטעריסטישן פּאסוס פון ביאליק׳ס א הספד־רעדע, אינם יאָר־צייט נאָך אחד־העמ׳ען, אין וועלכן ער וויַיזט אָן אויף דער אידעאָלאָגישער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין אחד־העמ׳ס אנשויאונג, בעת ער האָט געוואוינט אין ארץ־ישראל.

„אמאָל — האָט ביאליק געזאָגט — האָב איך פאר אים אויסגעגאָסן מיין הארץ וועגן דער לאגע דאָ, אין ארץ־ישראל און

דער לאגע פון אידנטום אין חוץ־לארץ. איך האָב אים געזאָגט: „אמאָל איז ביי מיר פאראן א פרלאנג אַנצוטאָן טלית און תפילין און גיין אין שול אריין, זיך צונויפגיסן מיט אלע אידן, וואָס טראָגן נאָך דעם יאָך פון די דאָזיקע מצוות. האָט ער מיר געזאָגט: „מיין פריינט, אויב דו האָסט אזא פארלאנג, הער זיך צו צו דער שטים פון דיין הארץ, טו וואָס דיין הארץ באפעלט דיר". ווען איך זאָל איצט זיין יונג, וואָלט איך אין א סך זאכן זיך אנדערש אויפגעפירט".

„און אחד־העם איז געווען א מענטש מיט פעסטע מיינונגען, א לאָגיש־קאָנסעקוועגטער דענקער. דערדאָזיקער שמועס האָט אין אַ גרויסער מאָס דערוויזן זיין אינערלעכע ענדערונג...

...„אמאָל האָב איך צונויפגערופן ביי מיר אין הויז אן אסיפה פון אָנפירער פון אלע פּארטייען: ארבעטער, אלגעמיינע ציוניסטן, מזרחים, שרייבער. איך האָב געמיינט אז מיר וועלן אפשר קענען שאפן אַ העכערע געזעלשאפטלעכע מיינונג דורך דער צוזאמענארבט פון דער בעסערער אינטעליגענציע, וואָס וועט באַשטימען אן אלגעמיינע עטישע פאראנטוואָרטליכקייט און, וואָס וועט לאָזן הערן איר שטים אין וויכטיקע מאָמענטן. ס'זענען געווען שמועסן און דיסקוסיעס. אחד־העם איז געווען זייער שוואך. ער האָט עטלעכע מאָל באקומען הארץ־אטאקעס. דר. זלאציסטי, האָט אויף אים אויפגעפּאסט, פּרואוונדיק אלע מאָל זיין פּולס. דאן האָט ער זיך אויפגערעגט. פארמאכט זיינע אויגן און מיט אַ שוואכער אָבער לויטערער שטימע, האָט ער געזאָגט: — „מיינע פריינט, טוט, וואָס איר קענט, כדי צו פארווירקליכן דאָס. צינדט־אָן נאָכאמאָל דאָס הייליקע פייער. אויב דאָס פייער וועט אויסגעלאָשן ווערן, וועלן אייך פארלאָזן אלע יונגע. זיי וועלן אנטלויפן פון אייך, זיי וועלן שפּייען אויף אייך. וואָס און וועמען האָבן זיי דאָ אָן דעם הייליקן פייער, וואָס ברענט אין זייער הארץ? אויב איר וועט דאָס אויסלעשן צוליב וואָס דארפן זיי דידאָזיקע וויסטע ערד? זענען זיי דען געקומען אהערצו צו

פאַרדינען 15 פיאסטער א טאָג און עסן שוואַרץ ברויט? אויב דאָס הייליקע פייער וועט אויסגעלאָשן ווערן וועט אַלץ פאַרניכ־טעט ווערן און איר וועט גאָרניט האָבן". מ'האָט געמוזט אים אוועקלייגן אין בעט (נאָך דער רעדע). אויף א ווײַלע האָט די שכינה אויף אים גערוט. די רייד זענען געזאָגט געוואָרן מיטן פייער וואָס איז נאָכאַמאָל אָנגעצונדן געוואָרן. ס'איז נישט וויכ־טיק, וואָס ער האָט געזאָגט, נייערט ווי אַזוי די דזיקע רייד זע־נען אַרויסגעזאָגט געוואָרן."

## אחד העמ׳ס לויה

„די ידיעה וועגן אחד־העמ׳ס טויט איז זייער שנעל פאַר־שפּרייט געוואָרן דורכן טעלעגראַף און טעלעפאָן איבערן גאַנצן לאַנד. אין ירושלים זענען געשלאָסן געוואָרן די אָפיסעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ועד הלאומי, דער אוניווער־סיטעט א. א. וו. אין דער פאַרשפּרייטונג פון דער טרויעריקער ידיעה האָבן א סך מיטגעהאָלפן אויך די טויזנטער שול־קינדער, וואָס זענען אהיים געשיקט געוואָרן, ווײַל „זייער א גרויסער מענטש" איז געשטאָרבן.

... דער תל־אָביבער שטאָט־ראַט האָט געמאָלדן מיט גרויסע טרויער־מודעות „וועגן טויט פונם גרויסן לערער און ערן בירגער פון שטאָט". ער האָט געהייסן אָפּשטעלן די אַרבעט, און גערופן אַלע תל־אָביבער איינוואוינער צו באַטייליקן זיך אין דער לויה און אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד „אונזער גרויסן לערער".

די שטאָט איז דעקאָרירט געווען מיט נאַציאָנאַלע פאָנען... דער קערפּער פונם פאַרשטאָרבענעם איז געלעגן אויף דיל אין זיין גרויסן אַרבעטס צימער. זיין פּנים איז געווען אויפגעדעקט. צוקאָפּנס האָבן געברענט ליכט. די חברה קדישא האָט געזאָגט תפילות פאַר זיין נשמה. ביי דער זייט זענען געשטאַנען מאָלער און געמאָלן אים. לעבן די טירן איז געשטאַנען אן ערן־וואַך פון די צופים (סקאַוטס) או די גאַנצע צייט האָבן זיך דאָרטן געפונען

זיינע אינטימע פריינט: ביאליק, ראווניצקי, א. ז. ראבינאָוויץ, און אנדערע קאָלעגן.

. . . „ דער קערפּער פונם פארשטאָרבענעם האָט געמאכט אַ שרעקלעכן רושם מיט זיין מאָגערקייט, פּשוט אַ הויפן ביינער. עס איז שווער געווען צו פארשטיין, ווי אזוי דער דאָזיקער „גוף" האָט ביז איצט איבערגעטראָגן אזוי פיל שרעקליכע יסורים און פּיין. זיין הויפּטקראנקהייט אין די לעצטע יאָרן איז געווען „אר־טעריום סקלעראזיס" (די פארשטייפונג פון די אָדערן).

ארום זיין אָרון האָבן זיך געפונען די פּראָפעסאָרן פונם או־ניווערסיטעט, זיינע קאָלעגן און פריינט. ער איז באערדיגט גע־וואָרן לעבן זיין זייער ווירדיקן אפּאָנענט מאקס נאָרדוי...

ת' נ' צ' ב' ה'

# אהרן דוד גאָרדאָן
(1853-1921)

„צום בעסטן פילט מען דאָ, ווען מען ארבעט, בעת מען שטייט פנים אל פנים, הארץ צו הארץ פאר דער אָפנהערציקער, מלכותי־דיקער, ליכטיקער, נביאיש פארטיפטער נאטור פון לאנד. מ׳ארבעט פשוט, אָן קונצן אָפטמאָל גאנץ שווער... און דאָך, צייטנווייז, לעבט מען זיך איין אָרגאניש אין דער ארבעט פון דער נאטור גופא און מען וואקסט צוזאמען מיט איר לעבן און שאַפן" — — „און עס דוכט זיך דיר, אז דו האָסט זיך איינגעלעבט טיפער אין דער טיפער נאטור, אז דו לעבסט מיט יעטווידער גרעזעלע, מיט יעדן בלום און ביימעלע".

(א. ד. גאָרדאָן — „בריוו פון ארץ־ישראל״)

א

## מיין ערשטע באגעגניש מיט גאָרדאָנען

זומער לעב. יאָר — 1903. גיי איך מיר שפּאצירן אויף דער בולוואר־גאַס, אין באַלטע (פּאָדאָליער גובערניע). די אַקאַציעס, בעז און בלומען אין די ארומיקע גערטנער פארכאַפּן דאָס אויג.

איך בין אין א גוטער שטימונג. אין מיין דימיון זע איך ווי מיר וועלן אינגיכן פּטור ווערן פון׳ם צאר און דאן וועט אונזער אידישע גאולה קומען. מיר וועלן ווערן גלייכבארעכטיקט אין רוסלאנד און מיט דער צייט וועלן מיר געוויס אויך באקומען פונ׳ם טערק א „טשארטער״ אויף ארץ ישראל.

אויף מיין וועג גיי איך פארביי דאָס הויז פון מ. מ. שיינקין, עליו השלום, דער דאמאָלסדיקער ראבינער פון באַלטע. טראַכט איך: זאָל איך אריינגיין צו שיינקינ׳ען אין הויז, אָדער ניט? ער איז דאָך אַ בורזשואזער ציוניסט!

דאָך באַשליס איך אַריינצוגיין אַהין, ווייל אָפּטמאָל טרעפט מען דאָרטן אינטערעסאַנטע געסט.

אַריינגעקומען אין שיינקין׳ס הויז, טרעף איך דאָרטן אַ אידן אין די מיטעלע יאָרן מיט אַ לאַנגער סיווער באָרד און קליינע, קורצזיכטיקע אויגן, ער האָט אין מיינע אויגן אויסגעזען ווי אַ משולח פון אַ ישיבה, און דעריבער האָט ער אויף מיר קיין רושם ניט געמאַכט.

באַמערק איך אָבער, אַז ה׳ שיינקין און סאַרע האַלפּן, אָן אָנגעזעענע פירערין אין די סאָציאַליסטישע קרייזן, באַציען זיך מיט גרויס אַכטונג צו דעם אידן.

ליג איך צו מיין אויער צו דעם שמועס און דער דיסקוסיע, וואָס איז פאָרגעקומען אין סאַליע אַרום דעם פיר־קאַנטיקן טיש, און געפין אויס, אַז דער איד איז אַ גרויסער תלמיד־חכם.

ליידער, געדענק איך ניט געגוי דעם אינהאַלט פון דעם וויכוח, וואָס איז דאַן פאָרגעקומען. וואָס איך געדענק יאָ איז, אַז דער גאַסט האָט אַרויסגעוויזן גרויסע בקיאות אין דער טעאָריע פון סאָציאַליזם, דאַרוויניזם, ליטעראַטור, וכדומה.

ער האָט ניט געגלויבט, אַז די רוסישע רעוואָלוציע וועט ברענגען די גאולה דעם אידישן פאָלק. מיר וועלן באַקומען אונזער תיקון בלויז דאַן, ווען מיר וועלן פאַרלאָזן דעם גלות און זיך באַזעצן אין ארץ ישראל.

פון די אַלגעמיינע ציוניסטן האָט ער זיך אונטערשיידט מיט דעם, וואָס ער האָט געפאָדערט, אַז די אידן וואָס עמיגרירן קיין ארץ ישראל מוזן פון אַ פּאַראַזיטיש, שאַכער־מאַכער פאָלק, פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַרבעטנדן פאָלק.

שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אַז דער מענטש, וואָס זיין פאַמיליען־נאָמען איז געווען גאָרדאָן, איז אַ סך יאָרן געווען אַ קאַסיר אויפ׳ן גוט פון באַראָן גינצבורג אין מאָהילנע, פּאָדאָליער גובערניע; אונטערן איינפלוס פון טאָלסטאָי׳ען, וואָס האָט געפּרעדיקט, אַז מענטשן זאָלן זיך אומקערן „צוריק צו דער נאַ־

טור", האָט גאָרדאָן באשלאָסן, אז זיין ארבעט אין ניט קיין פּראָדוקטיווע.

היות ווי ער איז אין דער זעלבער צייט געווען אויך ציוניס־טיש געשטימט, האָט ער געשאפן א טעאָריע, וואָס איז געווען א סינטעז פון ציוניזם און טאָלסטאָיזם, אָדער נאטוריזם.

גאָרדאָן האָט אונז דאן מיטגעטיילט, אז ער קלייבט זיך צו פאָרן קיין ארץ ישראל און ווערן דאָרט אן ערד־ארבעטער.

ח' שיינקין איז דעמאָלט געווען אַן אָנגעזעענער ציוניסטי־שער פירער. ער איז געווען זייער צופרידן פון דעם, וואָס אזא אינטעלעקטועלע פּערזענליכקייט, ווי גאָרדאָן, איז באקערט גע־וואָרן צום ציוניזם, ער איז אָבער ענטשידן געווען דאגעגן דעם, אז גאָרדאָן זאָל ווערן אן ערד־ארבעטער. שיינקין האָט אָנגעוויזן אויף דעם, אז אין ארץ ישראל, וואו די ערד־ארבעטער באנוצן זיך מיט א „פּיאש" (קירקע) און א „טוריע", מוז מען זיין פיזיש זייער שטארק, כדי צו זיין מסוגל פאר דער דאָזיקער שווערער ארבעט. וואָס איז נוגע גאָרדאָנ'ען איז ער, שיינקין, געווען זיכער, אַז ער וועט זיך צו אזא ארבעט ניט צופּאסן.

אויסערדעם האָט שיינקין באמערקט, אז ער איז דאגעגן דעם, אַז אינטעליגענטע און באגאבטע אידן זאָלן פארוואנדלט ווערן אין פּראָסטע „מוזשיקעס".

גאָרדאָן אָבער האָט דאן ערקלערט, אַז ער איז פעסט אנט־שלאָסן צו ווערן אַן ערד־ארבעטער אין ארץ ישראל.

פאר מיר איז קלאָר געווען, אז דעם ליטווישן עקשן שיינקי־נען וועט זיך ניט איינגעבן צו ענדערן דעם פעסטן באשלוס פון אַ צווייטן ליטוואק, גאָרדאָנ'ען (זיינע עלטערן זענען געווען לי־טוואקעס). עס האָבן זיך אין דעם פאל צוזאמענגעשטויסן, ווי דאָס רוסישע ווערטל זאָגט: „קאָסאַ נאַ קאַמיען" — אַ קאָסע אויף אַ שטיין.

ווי מען האָט מיר דאן דערציילט, איז גאָרדאָן אין יענער צייט געווען זייער פּאָפּולער און געאכט אין אונזער סביבה, אין

פּאַדאָליע. ער איז נאָך אין זיינע יונגע יאָרן געווען א לעגענ־דארע פערזאָן, וועגן וועלכן מען פלעגט דערציילן נסים ונפלאות אלס א גרויסער אידעאליסט און אָנפירער פון דער יוגנט.

גאָרדאָן האָט געהאלטן וואָרט. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ ישראל אין יאָר 1904, און ביי מיר איז אנטשטאַנען די פראגע „ונראה מה יהיו חלומותיו", — לאָמיר זען וואָס וועט ווערן פון זיינע חלומות.

ב

## זיין קינדהייט און יוגנט־יאָרן אין אוקראינע

פון דער ביאָגראפישער סקיצע, געשריבן פון זיין חבר און תלמיד, יוסף אהראנאָוויץ, עליו השלום, (זע יוסף אהרונוביץ, רשימות לתולדות חייו של א. ד. גורדון, אין „קיצור כתבי א. ד. גורדון") דערוויסן מיר זיך פאָלגענדע פּרטים וועגן גאָרדאָנס לעבן אין אוקראינע:

די גאָרדאָן משפחה האָט געשטאַמט פון ווילנע, וואו זי איז געווען באַוואוסט און בארימט אלס איינע פון די פארנעמסטע און יחוס'דיקע משפחות אין „ירושלים דליטא".

גאָרדאָנ'ס זיידע, נאָך וועמען מ'האָט אים א נאָמען געגעבן אהרן דוד, איז געווען באַוואוסט אלס א גרויסער למדן און א זעלטענע פערזענליכקייט. די אידישע קהלה האָט אים אָנגעבאָטן א רבנות שטעלע, אָבער ער האָט זיך ענטזאגט צו ווערן א רב, וואָרום ער האָט ניט געוואָלט נהנה זיין פון דער תורה, אויסצו־נוצן זי אלס א „גראָבאייזן צו גראָבן מיט איר". (און זיין איי־ניקל איז געגאנגען אין זיינע פוסטריט וויל איך דאָ צוגיבן).

גאָרדאָנס עלטערן זענען אַריבערגעפאָרן קיין פּאָדאָליע, אין זייערע יונגע יאָרן, וואו זייער קרוב באַראָן יוסף גינצבורג האָט זיי פארדונגען אין ארענדע דעם „אקציז" — אויפמאָנען שטייי־ערן פון בראנפן. נאָכדעם האָט זיין פאָטער איבערגעלאָזט די־

דאָזיקע שטעלע און זיך באַזעצט אין דאָרף טראיאַנע, וואו א.
ד. גאָרדאָן איז געבוירן געוואָרן.

אזוי ווי ביי זיינע עלטערן זענען אויסגעשטאָרבן פיר קינ־
דער איידער א. ד. גאָרדאָן איז געבוירן געוואָרן, האָבן זיי זיך
דעריבער איבערגעגעבן בלב ונפש צו דער דערציהונג פון זייער
געליבטן בן־יחיד. געווען איז ער זייער א שוואך קינד און דערי־
בער האָבן דאָקטוירים געמוזט באַזונדערס אויפפּאסן אויף זיין
געזונט.

דאָקטוירים האָבן ניט דערלויבט זיינע עלטערן צו לערנען
אים „עברי" ביז דעם עלטער פון אכט יאָר, ווען ער האָט אָנגע־
הויבן לערנען ביי א מלמד. ער האָט באַקומען א טראדיציאָנעלע
אידישע דערציהונג און זיך אויסגעצייכנט אין זיינע לימודים.

ווען ער איז אלט געוואָרן 17 יאָר האָט זיך אין אים דער־
וועקט אַ גרויסער באַגער צו לערנען שפּראַכן און וויסנשאַפטן.
זיינע עלטערן האָבן אים ניט געשטערט צו שטודירן וועלטליכע
לימודים, אָבער זיי האָבן ניט געהאַלטן, אז זיי זענען וויכטיק
פאר אים. ער האָט אליין געלערנט דידאָזיקע לימודים אָן דער
הילף פון א לערער.

בלויז דורך אַ צופאל האָט ער באַקומען די הילף פון אַ לע־
רער אינם שטודיום פון רוסיש: אַ רוסישער סאָלדאַט, וואָס האָט
צופעליג באַזוכט דעם וואַלד אין וועלכן זיינע עלטערן האָבן דאַ־
מאָלט געוואוינט, האָט אים געלערנט לייענען רוסיש און אויך
די רוסישע גראַמאַטיק. דאָס איז געווען דער איינציקער לערער,
וואָס האָט מיט אים געלערנט וועלטליכע לימודים.

פיר יאָר צייט האָט ער שטודירט די דאָזיקע לימודים מיט
אויסערגעוויינליכן פליים און פאראינטערעסירונג. אין דער דאָ־
זיקער פּעריאָדע האָט ער זיך פארפאָלקאָמט אין פאָלגענדע שפּראַכן:
העברעאיש, רוסיש, דייטש און פראַנצויזיש, געלייענט פארשיי־
דענע ביכער און אויסגעלערנט, מינדליך, לידער אין די דאָזיקע
פיר שפּראַכן.

זיין שטודיע פון די לימודים בייטאָג און ביינאַכט האָט אָפּ־

געשוואכט זיין געזונט. זיינע עלטערן זענען געווען זייער באַזאָרגט דערפון, אָבער אַזוי ווי זיי האָבן געוואוסט, אַז ער באַזיצט אַ פעסטן כאַראַקטער, האָבן זיי ניט געוואגט שטערן אים אין זיין שטודיע.

ווען זיי האָבן זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז ער איז זייער דערפאָלגרייך אין זיינע לימודים, האָבן זיי אים פאָרגעשלאָגן, אַז ער זאָל אָנקומען אין אַ אוניווערסיטעט און שטודירן מעדיצין, וואָרום זיי האָבן געגלויבט, אַז ער וועט אָפּהיטן אידישקייט אפילו, ווען ער וועט זיין אַ דאָקטאָר. גאָרדאָן אָבער האָט ניט געהאַט קיין נייגונג צו מעדיצין און האָט ניט געוואָלט שטודירן אין אוניווערסיטעט.

אין דער דערמאָנטער ביאָגראַפישער סקיצע ווערט געשילדערט גאָרדאָנ'ס עקשנות, וואָס איך וואָלט באַצייכנט אַלס „היילקע עקשנות": „ווען ער איז אַלט געוואָרן 18 יאָר, האָבן זיינע עלטערן אים אָנגעבאָטן, אַז ער זאָל חתונה האָבן מיט זיין כלה, וואָס האָט געוואַרט פאַר אים עטליכע יאָר צייט. ער אָבער האָט זיך אַנטזאָגט דאָס צו טאָן ביז נאָכ'ן פּריזיוו, כאָטש אַלס בן־יחיד איז ער געווען זיכער, אַז ער וועט באַפרייט ווערן פון מיליטער.

„שפּעטער, ווען ער האָט זיך געשטעלט צום פּריזיוו, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דעם מיליטער קרייז זענען געווען אַ סך „נעלמים", יונגעלייט וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון פּריזיוו, און דעריבער איז געווען אַ סכנה, אַז מען וועט דאַרפן נעמען פאַר סאָלדאַטן אויך די „בן־יחיד'ס".

„זיינע עלטערן זענען געווען גרייט צו באַצאָלן לאַפּקע־געלט די מיליטערישע בעאַמטע, כדי צו ראַטעווען אים פון מיליטער. גאָרדאָן האָט אָבער בשום אופן ניט געלאָזט זיי דאָס טאָן, דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געוואָלט, אַז אַן אַנדער אידישער יונגערמאַן זאָל דינען אין מיליטער אויף זיין פּלאַץ. צום גליק, איז ער באַפרייט געוואָרן פון מיליטער צוליב זיין שוואַכן געזונט."

צווישן אַנדערס שרייבט אַהראָנאָוויץ אין דער דאָזיקער בי־

אָגראַפישע סקיצע, אַז גאָרדאָן איז אין יענער תקופה געווען באַוואוסט אין מאהילנע און אין די ארומיקע שטעטלעך אַלס אַ דערציער און דער „גייסטיקער פאָטער" פון דער יוגנט.

„ער האָט אויך געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די עלטערן, פאַר וועלכע ער פלעגט רעדן אין די שבתים אין שול וועגן דער־ציאונג, וועגן דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, וועגן „חבת ציון" און אויף פאַרשיידענע געזעלשאַפטליכע טעמעס" — — — „אַ באַזונדער ליבשאַפט האָבן געפילט צו אים די בעלי־מלאכות און דער פּשוט'ער המון".

„די איינוואוינער פון אובאַדאַווקע (אַ קליין שטעטל, וואו גאָרדאָן האָט אַ שטיק צייט געוואוינט) האָבן געוואוסט — שרייבט י. פּאָליעסקין — צו דערציילן וועגן גאָרדאָנ'ען, וואָס איז אַמאָל געווען אַ פרומער איד, אַז ער פלעגט קומען שבת און יום טוב צוזאַמען מיט זיינע פריינט, די פרומע אידן, אין שול אריין, וואו ער האָט געדאַוונט מיט גרויס דבקות און התלהבות. אין דער זעלבער צייט אָבער איז ער אויך געווען באַפריינדעט מיט די משכילים און אפיקורסים פון שטאָט."

„ער פלעגט ניט האַלטן פאַר אונז קיין רעדעס, נאָר מיט דער ליכטיקייט פון זיין פּנים מיט זיין לעבעדיקער שטים און זיין קלאָרן בליק, וואָס איז געווען פול מיט ליבע און צוטרוי, האָט ער אונז באַאיינפלוסט, אַז מיר זאָלן באַלד פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַנדער סאָרט מענטשן און אַז אויך נאָכדעם, אין די שווערסטע מאָמענטן פון אונזער לעבן, זאָל זיין געשטאַלט שוועבן תמיד פאַר אונזערע אויגן".

אגב: דאָס וואָס מאַנכע גאָרדאָנ'ס חסידים האָבן דערציילט, אַז ער איז הויפּטזעכליך באַאיינפלוסט געוואָרן אין זיין וועלט־אָנשויאונג פון טאָלסטאָי'ען, איז ניט אינגאַנצן ריכטיק, בעסער וועט זיין צו זאָגן, אַז ער איז בטבע געווען אַ נאַטוריסט און, אַז טאָלסטאָי האָט אים צוגעטראָפן.

גערעכט איז ה' אהראָנאָוויץ וואָס שרייבט : „דאָס, וואָס ער האָט ביז'ן עלטער פון 22 יאָר געלעבט פריער אין דאָרף טראָי־

אַנע, וואו ער איז געבוירן געוואָרן,און נאָכדעם אין וואלד, האָט געמאכט אויף אים זייער אַ טיפן איינדרוק. אין דעם דאָזיקן פּרט פון זיין לעבנס געשיכטע געפינט זיך דער שליסל צו דער אויפפאסונג פונם מהות פון זיין פרעדיקן וועגן לעבן אין דער נאטור און פון זיין פילאָזאָפישע סיסטעם וועגן דער שותפות צווישן דעם מענטשן און דער נאטור".

„אין היפוך צו אנדערע פרעדיקער פון דעם סאָרט, וואָס קומען צו אן אבסטראקטער פארערונג פון דער נאטור צוליב דעם, וואָס זיי זיינען איבערזעטיקט פון דער שטאָטישער ציוויליזאַציע, איז ער געקומען צו דעם שלום דורך פאזיטיווע קוואלן, דורך אַ דירעקטער פארבינדונג מיט דער נאטור און אַ טיפע באציאונג צו איר".

פון מיין זייט וויל איך צוגעבן: בלויז אַ מאַן, וואָס איז אין זיין יוגנט געווען באַהעפט מיט דער שווארץ־ערד פון אוקראַינע, מיט אירע ערליכע וועלדער, פעלדער און גערטנער האָט געקענט אָנשרייבן אַזאַ מייסטערווערק, אַזאַ שיר־מזמור צו דער נאטור, ווי זיין עסעי „האדם והטבע" (דער מענטש און די נאטור), וואָס קען פארגליכן ווערן מיט דעם אונשטערבליכן „ברכי נפשי"...

וואָס איז נוגע זיין פארערליכונג פון ארבעט איז ער, ווארשיינליך, געווען באַאיינפלוסט פון די אלטע שריפטן („די מי פון דיינע הענט, אז דו עסט, וואויל איז צו דיר און גוט איז צו דיר" א. ד. גל.). אין יענער צייט איז אויך געווען פּאָפּולער דער פערז פון אליקום צונזער, אז „אין דער סאָכע, ליגט די מזל־ברכה", און אַז „ארבעט מאכט דאָס לעבן זיס". מעגליך אויך, אַז ער איז באַאיינפלוסט געווען פון דער פּאָליטישער פארטיי „טרודאָוויקעס", וואָס האָט זיך דאן באמיט צו פאראייניקן אלע אַרבעטנדע אין איין פּארטיי.

ג

## מיין צווייטע באגעגעניש מיט גאָרדאָנען

ווי שנעל ס׳זענען פאראיבער די גאָלדענע טרוימען פון מיין יוגנט! די ביטערע און פינצטערע ווירקלעכקייט, די פינצטערע רעאקציע אין רוסלאנד, האָט צושמעטערט מיינע זוניקע חלומות. איך האָב פאַרלאָזן דאָס בלוטיקע רוסלאנד, אויסגעוואנדערט קיין אַמעריקע און פון דאָרטן קיין ארץ ישראל.

אין אַמעריקע בין איך געווען אַן עקסטרעמער אידישיסט און דעריבער האָב איך זייער זעלטן געלייענט העברעאישע שריפטן.

געקומען קיין ארץ ישראל האָב איך זיך באַקענט מיט דער נייער העברעאישער ליטעראטור, וואָס איז פאר דער צייט דאָרטן געשאפן געוואָרן.

לייען איך אן ארטיקל, דוכט מיר אין דער צייטונג „הפועל הצעיר”, וואו דער שרייבער, א. ד. גאָרדאָן, ווייזט אָן אויף דעם גרויסען באַדייט פון ארבעט, און צווישן אנדערס שרייבט ער: „ווער עס זאָגט „מען דארף” (ארבעטן), זאָגט ער מיט דעם קודם כל „דארף איך”, און נאָר נאָכדעם מעג ער זאָגן אויך „דו דארפסט”, און אויך „ער דארף” (ארבעטן).

לייען איך די דאָזיקע פראזע, וואָס האָט אויף מיר געמאכט אַ באַזונדערן איינדרוק. דאָך צווייפל איך אין דער אויפריכטי־קייט פונם שרייבער, ווייל איך בין אקאָרשט געהאַט געקומען פון אַמעריקע, וואו ארבעטער־פירער רעדן מיט גרויס פאַטאָס און התפעלות וועגן דער וויכטיקייט פון ארבעט, וועגן דעם ברודער־ארבעטער, וואָס איז דאָס זאלץ פון דער ערד, און דאָך, ביי דער ערשטער געלעגנהייט אנטלויפן די פירער פון די „שעפער” — איי־

ניקע פון זיי אויף דער צווייטער זייט באריקאדע און אייניקע לאזן זיך גוט באצאלן פון די ארבעטער . . . *)

גיב איך א פרעג: ווער איז דאס דער דאזיקער שרייבער? דערציילט מען מיר, ווער ער איז און פון וואנען ער שטאמט און אויך, אז ער איז דער אנפירער פון דער איינפלוסרייכער פארטיי „הפועל הצעיר."

בין איך פון דער ידיעה ניט איבערראשט געווארן, ווייל אויך מיט יארן צוריק, ווען איך האב זיך מיט אים באקענט, איז ער געווען א טיף־דענקענדער מענטש.

וואס מיך האט יא פאראינטערעסירט איז, צי ער האט גע־האלטן ווארט און געווארן א פשוט'ער ערד־ארבעטער. צו מיין גרויס צופרידנהייט, האב איך אויסגעפונען, אז פון דעם טאג אן וואס ער איז געקומען קיין ארץ ישראל, ארבעט ער עבודת־פרך, מיטן „פיאש" און „טוריע" אויפ'ן לאנד, ניט קוקנדיק אויף זיין שוואכן געזונט.

נאך מער, מען האט אים פיל מאל פארגעשלאגן לייכטערע ארבעט צו וועלכער ער איז מסוגל, אבער ער האט זיך קאטעגא־ריש ענטזאגט אויפצוגעבן די פשוט'ע ארבעט. ה' טוביה מילער פון רחובות, איינער פון די חשוב'סטע אידן אין לאנד, האט מיר דערציילט: „אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה איז ער פאר־

---

*) דער באוואוסטער אמעריקאנער קאלומניסט ארטור בריס־ביין, וואס איז אין זיינע יונגע יארן געווען א פראגרעסיווער שרייבער און שפעטער געטריי געדינט הוירסטין, שרייבט:

„באגעגן איך א יונגערמאן, אין עלטער פון 20 יאר, און גע־פין אויס, אז ער איז ניט קיין סאציאליסט, קלער איך, אז זיין הארץ איז ניט ארדנונג. באגעגן איך אבער א מאן, וואס האט דערגרייכט די עלטער פון 50 יאר און איז דאך פארבליבן א סא־ציאליסט, קלער איך, אז זיין קאפ איז ניט אין ארדנונג". איך גלויב, אז בריסביין האט מיט דעם זייער טרעפליך כאראקטערי־זירט די אמעריקאנער געזעלשאפטליכער פילאזאפיע . . .

ביינעפאָרן א פּלאַץ, וואו אידישע ארבעטער האָבן געשפּאָלטן שטיינער פאר דער פלאַסטערונג פון א שאָסעע. צו זיין גרויס איבערראשונג, האָט ה׳ מילער געפונען צווישן די דאָזיקע אר־בעטער דעם אלטן גאָרדאָנ׳ען, וועלכער איז געזעסן אויף דער ערד, אונטער דער ברענענדיקער זון פון ארץ ישראל, און געשפּאָלטן שטיינער.

טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן, ווען איך האָב דערזען ווי דער גרויסער און חשוב׳ער זקן טוט די דאָזיקע שווע־רע ארבעט; אָבער פון מיין דערפאַרונג האָב איך געוואוסט, אז מען קען דעם אלטן ניט אוועקנעמען פון דער ארבעט״, האָט מיר דערציילט ה׳ מילער מיט גרויס יראת־הכבוד פאר גאָרדאָנ׳ען.

האָב איך געהאט גרויס תשוקה צו באַגעגענען זיך מיט גאָר־דאָנ׳ען. ליידער, איז ער זעלטן געקומען קיין תל־אָביב, און דע־ריבער האָב איך אים ניט געזען, הגם איך האָב פיל געהערט וועגן אים און אויך געלייענט זיינע גייסטרייכע ארטיקלען.

איינמאָל קום איך אריין אין חיים־ברוך׳ס האָטעל, אין תל־אָביב, וואָס חברה לצים פלעגן רופן: „האָטעל־דע־וואַנץ״. געוועזן איז דאָס אין א שמיני־עצרת אָוונט. טרעף איך דאָרט אן עלטערן אידן מיט א לאַנגער באָרד, וואָס קוקט אריין אין א ספר. קלער איך, אז דער אַלטער איז מן הסתם א איד פונם אלטן ישוב, פון ירושלים אָדער צפת, און מסתמא קוקט ער אריין אין א מחזור און לייענט די „אושפּיזין״.

אָבער אַזוי ווי מיך האָבן דאַן אינטערעסירט די אידן פון אלטן ישוב, פארפיר איך מיט אים א שמועס און אויך מיט אַנ־דערע אורחים ארום טיש.

קודם כל, האָב איך אויסגעפונען, אז דאָס ספר, אין וועלכן ער האָט אריינגעקוקט איז געווען א העברעאיש בוך פון דר. סאָ־לאָווייטשיק וועגן ביבל פאָרשונג (ליידער, געדענק איך ניט גאָר־דאָנ׳ס באַמערקונגען וועגן דעם בוך).

היות ווי צווישן אונזביידן זענען געווען חילוקי־דעות וועגן פארשיידענע פראגן און דערצו האָט דער אלטער ניט געמאַכט

אויף מיר קיין באַזונדערן רושם, האָב איך מיט אים דיסקוטירט לויטן נוסח פון דער „איסט סאַיד", בקולות וברקים (מיט דונערן און בליצן). ער אָבער האָט זיינע אָנשויאונגען פאַרטיידיקט זייער רוהיק און געלאַסן.

אין יענער צייט האָט זשיטלאָווסקי פאָרגעשלאָגן, אויף אַ קאָנפערענץ פון די אַמעריקאַנער פועלי־ציון, אַן עקסטרעם אידישיסטישע רעזאָלוציע פאַר ארץ ישראל.

האָט עמיצער פון די אָנוועזנדע דערמאָנט די דאָזיקע רעזאָלוציע פון זשיטלאָווסקי'ן און געפרעגט דעם אלטן, וואָס איז געווען דער ראש־המדברים, זיין מיינונג וועגן דעם. זיין ענטפער איז געווען:

„וואָס זיצט ער (דר. זשיטלאָווסקי) דאָרטן, אין אמעריקע, און שיקט אונז, ארץ ישראל'דיקע אידן, רעזאָלוציעס, וואָס פאַר אַ שפּראַך מיר זאָלן דאָ געברויכן? פאַרוואָס קומט ער ניט אהערצו, צו באַזעצן זיך דאָ? וואָלט ער געווען א היגער תושב, וואָלט דער ישוב זיך גערעכנט מיט זיינע מיינונגען. מאָדנע אָבער איז, וואָס וואוינענדיק ער אין אַמעריקע און פון דאָרטן וויל ער אונז דיקטירן מיט וואָס פאַר א שפּראַך מיר זאָלן זיך דאָ באַנוצן".

היות ווי איך בין דאַן געווען זשיטלאָווסקי'ס אַ חסיד, האָב איך זייער ליידנשאַפטליך פאַרטיידיקט דעם „רבינס" שטאַנדפּונקט. דער אלטער אָבער האָט אויף מיינע אָנווענדונגען, ווי פריער, געענטפערט רוהיק און איבערלייגט.

אינמיטן וויכוח גיב איך אַ קוק אויפ'ן אלטן און דערזע זיינע ליכטיקע, קלוגע אויגן, דערהער זיין ליבהאַרציקע שטים און דערשפּיר, אַז דער אלטער איז אַן אויסערגעוויינליכער מענטש, אַן אדם גדול. איז מיר איינגעפאַלן, אַז דאָס דאַרף זיין א. ד. גאָרדאָן. און ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אַז דאָס איז ער, האָט מיר זייער באנג געטאָן, וואָס איך האָב געוואגט צו דיסקוטירן מיט אים אויף אַזאַ אומגעלומפּערטן אופן.

איך האָב דעריבער באלד זיך אַנטשולדיקט פאַר אים פאַר

די שארפע אויסדריקן, וואָס איך האָב געברויכט אין אונזער וויכוח. ער אָבער האָט לגמרי ניט געפילט זיך באַליידיקט.

גאָרדאָן איז דאן צוריקגעקומען פון דער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען איז פראג וועגן דער פאראייניקונג פון „הפועל הצעיר" און „צעירי ציון", אויף וועלכער ער איז געווען דער הויפט אָנפירער.

אויף זיין וועג פון פראג אהיים, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין וויען. אַ פיפיקער רעפּאָרטער פון אַ אידישער צייטונג האָט ביי אים דאן געפרעגט, צי פאר דער צייט, וואָס ער וואוינט אין ארץ ישראל האָט ער אָפּגעשפּאָרט פאר זיך אַ „פרדס" אָדער אַן אַנדער נחלה אין ארץ ישראל.

גאָרדאָן, וואָס האָט פאר אזוי פיל יאָרן געפּרעדיקט „דת־עבודה", די רעליגיע און הייליקייט פון ארבעט, האָט זיך גע־פילט באַליידיקט דערפון, וואָס נאָך אַלע זיינע ארטיקלען וועגן דעם ענין, קען אַ אידישער זשורנאַליסט דענקען אַז ער, גאָרדאָן, האָט ערוואָרבן פאר זיך אַ נחלה אין ארץ ישראל.

אין דעם ווייטערדיקן שמועס, וואָס איז דאן פאָרגעקומען, האָט גאָרדאָן גערעדט מיט גרויס התפּעלות וועגן דעם צוזאמענ־פאָר פון „התאחדות". ער האָט אויך דערציילט וועגן דעם גרויסן סענטימענט פון די גלות־אידן פאר ארץ־ישראל. דערביי האָט ער דערציילט פאָלגנדן משל:

„איינמאָל, אין אַ קאלטער ווינטער־נאכט איז אַ רוסישער אָפי־צער געשלאָפן ביי זיך אין אין צימער. הערט ער ווי דער „דיענש־טשיק", דער סאָלדאט וואָס באַדינט אים, וואָס איז געשלאָפן אין צווייטן צימער, רעדט צו זיך אַליין: „טשארט פּאָבערי" — זאָל דער טייוול דאָס נעמען, מיר ווילט זיך אַ טרונק טאָן, אָבער איך פויל זיך ארונטערגיין אין אזא קאלטער נאכט". דער סאָל־דאט האָט עטליכע מאָל איבערגע'חזר'ט די דאָזיקע ווערטער, און דאָך איז ער ניט אַרונטערגענאנגען פון זיין געלעגער.

דער אָפיצער, וואָס האָט געהערט ווי דער סאָלדאט חזר'ט אי־בער די דאָזיקע פראזע עטליכע מאָל, איז ברוגז געוואָרן אויפן

פּוילן סאָלדאט. ער האָט דערובער געטאָן אָט וואָס: ער האָט א געשריי געטאָן! „קום אהער, איוואן!"

דער סאָלדאט איז באלד אַרונטערגעשפּרונגען פון זיין געלעגער, צוגעגאנגען צום אָפיצער און געפרעגט ביי אים, וואָס ער וויל.

— ברענג מיר באלד א גלאָז וואסער, האָט דער אָפיצער געזאָגט.

און ווען דער סאָלדאט האָב געבראכט דאָסדאָזיקע גלאָז וואסער, האָט ער געזאָגט צו אים: — „דו לאַידאק און פּויליאק איינער! נעם און טרינק אוים די דאָזיקע גלאָז וואסער!" אויך דאָס אידישע פאָלק וויל זייער גערן זיך אומקערן קיין ארץ ישראל, אָבער עס פעלט אונז די ריכטיקע אָפיצערן, וואָס זאָלן אונז פירן און צווינגען צו גיין קיין ארץ ישראל."

אין לויף פון אונזער שמועס האָט ער ווידער בארירט די שפּראכן־פּראגע. ער האָט אָנגעוויזן אויף דעם, אז העברעאיש פּאראייניקט די אידן אין אלע וועלט טיילן. א ראיה דערצו:

„הערבערט סאמואל, דער דאמאָלסדיקער הויך־קאָמיסאר אין ארץ ישראל, האָט גאָרדאָן געזאָגט, איז אַן אסימילירטער ענגלישער איד, און דאָס ביסל, וואָס עס איז אים געבליבן פון זיין אידישקייט, איז אין העברעאיש. קומט ער אין שול אריין, איז ער אימשטאנד צו זאָגן, ווען מען רופט אים אויף צו מפטיר, די ברכות און די הפטורה. (אין יענער צייט האָט מען אין ארץ־ישראל פיל גערעדט וועגן דעם, וואָס סאמואל האָט געזאָגט אין שול מיט גרוים באַגייסטערונג די הפטורה „נחמו, נחמו עמי"). וואָס איז נוגע אידיש איז עס לגמרי פרעמד די אסימילירטע און אויך די אָריענטאלישע אידן."

צו דעם וויל איך צוגעבן אן אנדער פאל, וואָס באקרעפטיקט גאָרדאָנ'ס מיינונג: מיט יאָרן שפּעטער האָט לאָרד רעדינג באַזוכט תל־אביב, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרוים ענטוזיאזם.

ער האָט דאן באזוכט די גימנאזיע „הרצליה", וואו ער איז באגריסט געוואָרן פון די סטודענטן אין העברעאיש. לאָרד רע־

דינג האָט דאָן געזאָגט צו די באַגריסער אין שפּאַס: „ווען איך בין געווען אַ אינגל האָב איך געלערנט העברעאיש און אויך דקדוק ביי אַ רבי'ן. צום באַדויערן, האָב איך געלערנט דקדוק בלויז ביז די „גזרות", ווייל די „גזרות" האָב איך ניט באַנומען. איך באַגריס אייך דעריבער, וואָס איר קענט גוט דעם העברעאישן דקדוק, אפילו די שווערע און פאַרפּלאָנטערטע „גזרות".

דאָס באַווייזט, אַז אויך אַזאַ איד ווי לאָרד רעדינג האָט אָנגעהאַלטן זיין גייסטיקע פאַרבינדונג מיט אידן דורך דעם ביסל העברעאיש, וואָס ער האָט געלערנט אין זיין יוגנט.

אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען שרייבט גאָרדאָן וועגן דער צוקונפט פון אידיש אָט וואָס: „מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אידיש שטאַרבט אָפּ. נאָר אַ בלינדער אָדער דער וואָס וויל פאַרמאַכן די אויגן, זעט דאָס ניט. דאָס פּלאַץ פון אידיש פאַרנעמט די שפּראַך פון לאַנד. דער יונגער דור רעדט מער און מער רוסיש, פּויליש, דייטש א. ד. גל."

„אויך אין אַמעריקע, וואָס אויפ'ן ערשטן בליק, זעט אויס, אַז דאָרטן בליט אידיש, רעדט דער צווייטער דור ענגליש, און דער אידישער זשאַרגאָן ווערט אויפגעהאַלטן בלויז אַ דאַנק די פילע אימיגראַנטן, וואָס פליסן אריין אַהין פון די לענדער, וואוהין די אייראָפּעאישע בילדונג האָט נאָך ניט אַריינגעדרונגען צווישן אַלע שיכטן פונם אידישן פאָלק".

צו דעם וויל איך צוגעבן, אַז כאָטש גאָרדאָן האָט ניט געגלויבט אין דער צוקונפט פון אידיש, האָט ער פּערזענליך ליב געהאַט אידיש.

אזוי דערציילט דער דערמאָנטער אהראַנאָוויץ, אַז גאָרדאָן, וואָס פלעגט אָפטמאָל טאַנצן מיט די חברים און דערביי קנאַקן מיט די פינגער און אויסרופן: „פריילאך!", האָט אויך צוגעפּאַסט אייניקע לידער און מעלאָדיעס אין זשאַרגאָן און אין העברעאיש

צו די טענץ". איינס פון די לידער, וואָס גאָרדאָן האָט איבער־
געאַרבעט פון װאַרשאַװסקי'ס אַ ליד, איז געװען:

כאָטש איך בין מיר אַן אָרעם אידל
און עס דאַרט מיר גאָר דער מוח,
אין ארץ־ישראל זינג איך אַ לידל
און איך מאַך דערצו אַ טענצל אויך.
אוי, אוי, אוי!
פריילאַך אָט אַזוי!

ד

# ווי אזוי גאָרדאָן ווערט געשילדערט פון זיינע חברים און פריינט

איינער פון זיינע תלמידים און מקורבים איז געווען דער באַקאַנטער ארץ ישראל׳דיקער ארבעטער פירער יוסף בּאראץ. ווען מיר דאָ איבערגעבן אייניקע אויסצוגן פון באראצ׳ס אַן ארטיקל וועגן גאָרדאָנען, וואָס איז פארעפנטליכט געוואָרן אין דער „צוקונפט.״

„בעת ער האָט געארבעט, האָט ער ניט איבערגעקליבן די לייכטע ארבעטן און זייער ניט אָנגענעם איז געווען פאר אונז, ווען גאָרדאָן האָט געשפּירט, אז מען קלייבט פאר אים אויס אַ ספּעציעלע לייכטע ארבעט. דאָס האָט אים געמאכט זייער אויפגערעגט און אומעטיק...

„אין אמת׳ן איז פיזישע ארבעט אַן און פאר זיך געזונט פארן גוף און פאר דער נשמה. נאציאָנאלע אויפלעבונג הויבט זיך אָן מיט פיזישער ארבעט און דערפאר דארף יעדער מענטש ארבעטן פיזיש. אויך דער לערער, דער שרייבער, דער כלל־טוער. אלע, אלע. דאָס האָט ער, גאָרדאָן, געפאָדערט פון אנדערע, דאָס האָט ער פארווירקליכט אין זיין פּערזענליכן לעבן״...

„פון ערשטן טאָג אָן איז ער (נאָך זיין קומען קיין ארץ ישראל) אַוועק אין דאָרף, אימער געארבעט אויף דער פרייער לופט, זיך ענג פארבונדן מיט די פלאנצונגען, געשעפּט מיטן פולן אָטעם פון זיי, און אויך זיי טריי און ערליך געדינט. מיט גרויס דרך־ארץ און פּינקטליכקייט ארומגערייניקט און „ארומגעפּיאָשירט״ יעדער ביימעלע, יעדער געוואוקס. עס איז געווען אַ מחיה צו קוקן אויף זיין ארבעט.

„און נאָך דער ארבעט, אין אַ שבת, אין אַ יום־טוב, און

גלאט אַ פרייען טאָג, צום כנרת, צום ירדן און אויף די בערג און טאָלן.

מיר אַלע פלעגן פון מידקייט, פון אַ ביסל פוילקייט אריינ־כאפן זיך אין באד־צימער, זיך אָפּוואשן פון שווייס און שטויב.

גאָרדאָן פלעגט אונז דאן אויסלאכן, „עי, עצלים בני עצלים, איר פויליאקעס, וואָס באהאלט איר זיך פונם הימל, פון דער זון און דער פרייער לופט? קומט צום ירדן, אהין, וואו ער לויפט און שטראָמט מיט כוח, דאָרטן וועט איר פילן דעם טעם פון וואַ־סער! און ער פלעגט זיך באָדן אין ירדן, זומער און ווינטער".

איינמאָל האָט פאסירט, אז דער שטראָמענדיקער ירדן האָט גאָרדאָנ׳ס שוואכער קערפּער גענומען שלעפּן צום גרונט און מיר האָבן אים מיט אַ נס געראַטעוועט. אָבער אויך דאָס האָט אים ניט אָפּגעשטעלט און ניט איבערגעריסן זיינע באַציהונגען מיטן ירדן.

און ווער האָט אזוי פיל שפּאַצירט ווי ער? ווער האָט אזוי פיל געקלעטערט אויף ארץ־ישראל בערג און יהודה׳ס זאמדן אויס־געטראָטן? . . .

און אָט אין די שפּאַצירן אויף די בערג און טאָלן און טוב־לענדיק זיך אין ירדן, אין דעם געמורמל פון דעם עקאַליפּטוס וואַלד, וואו ער האָט געארבעט, האָט ער באַנייט דעם אורואלטן בונד פון איד און נאַטור. דאָרטן האָבן זיך טיף אין זיין הארצן געדרוקט די טעזיסן פון זיין לעבנס לערע, פון „ארבעט און נאַ־טור." פון זיך אַליין, אויסער פרעמדע השפּעות, אָן ציטאַטן פון גרויסע ווערק און נעמען, האָט ער געבויט אָט דעם גייסטיקן בנין זיינעם, געדינט פאַר אַ מוסטער און ביישפּיל, דער גאַנצער נאַציאָנאַלער יוגנט באוועגונג, וואָס איז פאַרבינדן מיט ארץ־ישראל" . . .

* * *

צווישן גאָרדאָנען און ברענערן זענען אָפט מאָל פאָרגעקו־מען ליידנשאפטליכע וויכוחים, מינדלאך און אויך שריפטלאך

וועגן דער אידן־פראגע בכלל און וועגן דער פארווירקליכונג פונם ציוניזם בפרט.

און דאָך ניט געקוקט אויף די טיפע חילוקי־דיעות צווישן די דאָזיקע גרויסע פערזענלכקייטן, האָט ברענער זיך באצויגן מיט גרויס יראת־הכבוד און אכטונג צו גאָרדאָנען, ווי גאָרדאָן צו אים.

אין ברענער׳ס טרעפליכע נאָוועלע „מכאן ומכאן״, אין וועל־כער דער אידישער ישוב ווערט, ווי אַלע מאָל, שארף קריטיקירט און געטאדלט פון ברענערן, איז פאראן איין העלד, אריה לפידות, הייסט ער, וואָס ווערט געשילדערט פונם מחבר מיט גרויס התלהבות און פאטאָס. דער דאָזיקער העלד איז א. ד. גאָרדאָן. דער מחבר רופט אים : „מיין גרויסער ברודער״ און האָט וואָס ער זאָגט וועגן אים: „דו ביסט אַ זקן, אָבער יונג אין גייסט, בעת מיר זענען יונג אין יאָרן, אָבער זקנים אין גייסט״.

מערקווירדיק איז דער פאסוס אין דערדאָזיקער נאָוועלע, וואָס ווייזט אָן אויף דער גרויסער פארערונג, וואָס ברענער דער שטענ־דיקער „אנטיעסטעט״ האָט געהאַט פאר גאָרדאָנען.

. . . „און זיינע הענט האָסטו געזען? האָסטו באַאָבאכט זיי־נע מאָגערע צובראָכענע הענט? דאָס זענען דאָך די הענט פון מיכל אנדזשעלאָ !״.

פארשטייט זיך, אַז אַזוי ווי דער מחבר האָט געשילדערט גאָר־דאָנען אין אַ בעלעטעריסטיש ווערק און דער צו ביי זיין לעבן, מישן זיך אין דער שילדערונג „דיכטונג און וואָר״. איך וועל דעריבער זיך באנוגענען בלויז מיט דער „וואָר״, מיט די שיל־דערונגען, וואָס שטימען מיט גאָרדאָנ׳ס ביאָגראפישע שילדע־רונגען.

„ער — דערציילט ברענער וועגן זיין באַליבטן העלד — איז געווען געקליידט ווי אַ זייער אָרעמער מענטש, אין אַ קורץ רעקל, אָן אָפּגעטראָגנס און דערצו מיט לאטעס, וואָס איז אראָפּגעהאנ־גען ווי אַ טאָרבע פון זיינע ניט־גלייכע אקסלען, די אקסלען פון אַ תלמיד־חכם. זיינע הויזן, במחילה, זענען געווען נאָך פיל

ערגער און שענדלעכער. זיינע סאַנדאַלן זענען אויסגעשניטן פון די שטיוול, וואָס ער האָט געבראַכט פון רוסלאַנד, זיינע האָר זע־נען געוואָרן ווייס, גאָר ניט לויט זיין עלטער; זיי זענען ווייס גע־וואָרן פון דער מילך, וואָס אין די קאַנען פון זיין עלטערער פרוי (זיין פרוי האָט פּאַרקויפט מילך לאחדים א. ש.) און זיין לאַנגע באָרד, וואָס איז זייער צוגעפּאַסט צום פונק פון שמחה (די באַ־זונדערע שמחה), וואָס האָט געשטראַלט אין זיינע אויגן, איז גע־וואָרן מער ווירדיק און אויך מער טראַגיש".

„ער, וואָס איז שוין געווען איבער פופציק, האָט געאַרבעט אַלס אַ טאָג־אַרבעטער, אַן אַרבעט, וואָס ניט ער און ניט זיינע עלטערן האָבן געקענט: ער האָט געריסן טרויבן און געשניטן מאַ־ראַנצן פון בוימער, געאַרבעט מיטן „פּיאָש", גערייניקט שטאַלן און הויפן, און, צייטנווייז, אויך אַרויסגעהאָלפן דעם וועכטער אויפן שייער"

„בכלל האָט לפידות (ד. ה. גאָרדאָן) ווי אַן אַדעלמאַן, מיט אַ דערהויבענעם גייסט, ניט פיל געטרעדט וועגן זיך, און אויסגע־מיטן אויף וויפיל ס'איז מעגלאַך צו דערציילן וועגן די אַלע אומ־אָנגענעמלעכקייטן, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען; וועגן דעם ווי אַזוי ער האָט, אין אָנהייב פון זיין קומען אין לאַנד, געזוכט אַר־בעט און מען האָט אים ניט געוואָלט צונעמען פאַר אַן אַרבע־טער, ווייל ער איז געווען אַלט און שוואַך א. א.וו.; אָבער יעדער האָט דאָס געוואוסט.

„יעדער האָט געוואוסט ווי גרויס ס'איז געווען די שטרעבונג און דער אידעאַל פונם אַלטן לפידות, צו זיין ניט קיין שלעכטער אַרבעטער, וויפיל ער פלייסט זיך אין זיין אַרבעט, וויפיל ער ליידט דערפון, וואָס זיינע ניט־געשיקטע הענט פּאַסן זיך ניט צו צו דער אַרבעט און וויפיל זיינע נאַאיווע טיפע אויגן שיינען, בעת עס גיט זיך אים איין צו זיין ניט ערגער אין דער אַרבעט פון אַנ־דערע" . . .

„איך, למשל, האָב אויסגעפאָרשט און אויסגעפונען, אַז דער יחוס פון אריה לפידות, ווי ער האָט מיר אַליין אַמאָל איבערגע־

געבן, שטימט מיט די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין אונזערע דורות, אין לעצטן יאָרהונדערט און, אז „דער דאָזיקער זעלטענער עקזעמפּליאַר", וואָס בלויז מיט צוויי־דריי יאָר צוריק איז ער אַלט געוואָרן פופציק יאָר, איז אזוי ווי אַן אָפּקלאַנג פון די געשעענישן אין דער אידעאָלאָגיע און אינם לעבן פון דער לעצטער תקופה, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט „חבת־ציון" און אַרבעט.

„ער שטאַמט פון רבנים און גאונים „מאורי הגולה", וואָס זע־נען געשוואומען אינם ים פון תלמוד און זיינע מפרשים, אָבער זיין זיידע איז שוין געווען אַ רייכער חסיד, אַ פּראַקטישער, וואָס דער צדיק איז געווען ביי אים אַ גאָט.

„און זיין זיידע האָט געהאַט צוויי זין, איינער פון זיי האָט געלערנט אין וואָלאָזשין, אַן דער צושטימונג פון זיינע עלטערן. דאָרטן איז ער אַראָפּ פון דרך־הישר און געוואָרן אַ מיליטערי־שער דאָקטאָר, און זיינע זין, וואָס האָבן געוואוינט אין איינער פון די רוסישע הויפּט־שטעט, האָבן זיך לגמרי אסימילירט, און אייניקע האָבן זיך געשמדט...

דער צווייטער, דער פאָטער פון אריה (גאָרדאָנען) האָט גע־ירש'ענט די געשעפטן פון זיין פאָטער און געדונגען אַ גוט אין דרום־רוסלאַנד און דורך פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס האָט ער פאַרלוירן דאָס געלט און געוואָרן אַ קליינהענדלער, אָבער ביז דע־מאָלט איז דאָס געלט געווען זיין גאָט".

ווען י. ח. ברענער איז געקומען אינקאָגניטאָ, אונטער אַ פרעמדן נאָמען קיין ארץ־ישראל, האָט ער געאַרבעט אַ קורצע צייט ביי אַ קאָלאָניסט, אָבער אזוי ווי ער האָט ניט געקענט צו־פּאַסן זיך צו דערדאָזיקער שווערער אַרבעט, האָט ער דאָס אויפ־געגעבן. אין דער דערמאָנטער נאָוועלע שילדערט ברענער דידאָ־זיקע עפּאָכע פון זיין לעבן אין אַ שמועס צווישן אים און גאָרדאָ־נען וועגן דעם ענין פון פשוטער פיזישער אַרבעט.

„לפידות האָט מיר געזאָגט, אז אויך איך דאַרף אַרבעטן מיטן „פּיאָש" און ניט נעמען אין אכט מיין ערשטן אומגעלונגענעם

פרואוו. ס'מאכט ניט אויס, אויב איך וועל ארבעטן מיטן „פּיאַש" וועט דאָס לעבן אויסזען אנדערש ביי מיר, און דאן וועל איך אויך בעסערע ווערק שאפן, שרייבן מונטערע און געזונטע זאכן. ווי לאנג וועל איך זיך באנוגענען מיט פעליעטאָנען, מיט פראגמענטן? דו דאַרפסט אָנשרייבן עפּעס א וויכטיק ווערק. ער, לפידות, ווארט אויף עפּעס א וויכטיקע שאפונג מיינע, אָן קרענקלעכקייט, אָן דעקאַדענץ.

„פּארוואָס ווערן געשאפן ביי די אומות־העולם גרויסע ווערק? דאָס איינציקע מיטל איז — אַרבעט, זי וועט מיר ראַטעווען פון לאנגווייל, און דאן וועל איך שאפן וויכטיקע ווערק".

שבת בייטאָג. גאָרדאָן שלאָפט אינדרויסן, אויף א ראָגאָזשע, וואָס איז אויסגעשפּרייט אויף דער לאָנקע פארן הויז. ווען ער איז אויפגעשטאַנען פון שלאָף איז ברענער געקומען צו אים פאר א באזוך.

„די גאנצע וועלט איז איצט מיין פּאַלאַץ" — זאָגט דער ווירדיקער זקן.

—אָבער רעמבראנדט. . . אויב איך, כדומה למשל, וויל דווקא רעמבראנדטן, מאך איך זיין מיטשמועסער און אָנשטעל, רעדנדיק אין נאָמען פון די, וואָס לעבן נאָך אייראָפּע און איר קולטור, וואָס פעלט דאָ.

— — אָ, אָ ! ער וויל רעמבראנדטן . . . אויב אזוי קוק זיך איין אין אָט יענעם ווינקל פון הימל . . . דו זעסט ! עס זעט אויס ווי א טלית, וואָס איז גאָלע תכלת . . . דו זעסט דידאָזיקע וואָלקנס! זעסטו די פארשיידענע קאָלירן אין יענעם ווינקל? אָט האָסטו רעמבראנדטן . . . "

„און מיט גרויס פארגעניגן גייט ער (גאָרדאָן) איבער צו זיינע שטענדיקע שמועסן וועגן דער נאַטור, וועגן די נביאים, וועגן דעם אידישן גייסט, אָבער צוביסלאך לאָזט ער איבער די בערג און נידערט אַראָפּ אין טאָל: צו דער פאַרדאָרבנהייט פון די שטעט, צו דער וואָכנדיקייט און קרענקליכקייט פון דער מענטשהייט. עס מוז געטאָן ווערן א גרויסע דערציערישע ארבעט.

„איך האָב קיינמאָל ניט געזאָגט, אז אלע זיינע (גאָרדאָנ'ס) רייד זענען שטענדיק זייער טיף, מעגלעך, אז ער איז בכלל ניט איבריג טיף. אָבער זיינע רייד דערצערנען ניט... אלץ, וואָס ער זאָגט, אפילו אויב דו ביסט ניט מסכים מיט אים, רעגט דיך ניט אויף, תמיד הערט זיך אין זיי עפּעס אַן אָפּקלאנג פון א געוויסן אינהאלט.

* * *

נ. ה. באשרייבט זיינעם א באזוך ביי גאָרדאָנ'ען אין א פריי־טאָג צו נאכטס. ג. האָט פאָרגעשלאָגן די געסט, אז זיי זאָלן פאר־לאָזן דאָס קליינע צימער און אריבערגיין אין גרויסן, ברייטן סא־לאָן.

נ. ה. האָט זיך געוואונדערט. וואו איז דאָ דער סאלאָן, וואו־הין די געסט זענען איינגעלאדען געוואָרן? אינגיכן האָט ער אויס־געפונען, אז דער סאלאָן איז די פּראכטפולע לאָנקע ארום דעם הויז.

„מיר האָבן זיך אלע אויסגעזעצט אויף דער ערד. עס איז דאן געווען סוף חודש. שטערן אָן א צאָל האָבן געלויכטן און געשימערירט אין דער הויך. אונזער ערנסטער שמועס איז אָפּ־געשטעלט געוואָרן. גאָרדאָן האָט געבעטן איינעם פון די חברים צו זינגען. יענער האָט זיך פארענטפערט, אז ער קען ניט קיין העברעאישע לידער, נאָר אידישע.

— עס מאכט ניט אויס — האָט גאָרדאָן אים ערמוטיקט — זינג פאר אונז דאָס ליד „המתמיד" פון אברהם רייזען. דער בחור האָט געזונגען די ווערטער, וואָס זענען פול מיט טרויער און פּיין, און גאָרדאָן האָט זיך פון צייט צו צייט באטייליקט שטילערהייד".

„נאָכדעם זענען מיר פון די אידישע לידער אריבער צו העב־רעאישע. אזוי האָבן מיר פארבראכט ביז שפּעט אין דער נאכט".

* * *

א פּאָר עפּיזאָדן פון זיין לעבן אין ארץ־ישראל, דערציילט זיין

טאָכטער יעל, וואָס איז געווען זיין שילערין און נאָכפאָלגערין, אין אירע זכרונות ווענן איר פאָטער:

„איך דערמאָן זיך אין דעם שרעקליכן טאָג, ווען דער טאַטע איז פארוואונדעט געוואָרן אויפ׳ן וועג פון רחובות קיין יפו, ווען ער איז געגאַנגען קריגן די נויטיקע דאָקומענטן פאר מיין מוטער צו קומען קיין ארץ ישראל. אויפ׳ן וועג זענען אים אנטקעגנגע־קומען דריי אראבישע באוואפנטע רייטער, מיט פארדעקטע פנים׳ער. זיי האָבן אים אָפּגעשטעלט און געפרעגט ביי אים, וואו־הין ער גייט. האָט ער זיי געענטפערט מיט א טאָן פון זעלבסט־ווירדע, אז ער גייט וואוהין ער דארף גיין. און אין דעם זעלבן נייסט האָט ער געענטפערט אויך אויף אנדערע פראגן.

„דאַן האָבן זיי זיך ארויסגעוואָרפן אויף אים ווי ווילדע חיות, האָבן געשאָסן אויף אים און געשטאָכן אים מיט מעסערס; זיי האָבן אויך אראָפּגעשלעפּט פון אים זיינע אויבערשטע קליידער (ער האָט דאַן געטראָגן א גוטן פוטער, וואָס ער האָט געבראכט מיט זיך פון רוסלאנד), זיי זענען פארשוואונדן געוואָרן און ער איז פארבליבן ליגן באַגיסנדיק זיך מיט בלוט, כמעט באוואוסט־לאָז. אזוי איז ער געלעגן א שטיקל צייט.

„ענדלעך האָט ער, מיט זיינע לעצטע כוחות, זיך אויפגע־הויבן און געפּרובירט גיין. און אָט זעט ער פונוויטנס ווי א מאַן דערנענטערט זיך. דאָס איז געווען מיכאל האלפּערין (איינער פון די גרעסטע העלדן צווישן די שומרים אין ארץ ישראל). „שלום, גאָרדאָן!" האָט האלפּערין אויסגעשריען. אויף דעם האָט דער טאַטע געענטפערט מיט איראָניע: „ניט איבריק שלום׳דיק". אויף מאָרגן האָט מען אים אוועקגעפירט קיין יפו אין שפּיטאָל. דאָרטן איז ער געליגן ביי א צוואנציק טעג אין זייער א שלעכטן מצב."

* * *

„ניט דאָס דרש׳ענען, דאָס פּרעדיקן, איז דער עיקר, נאָר דער טאַט", זאָגן אונזערע חכמים. אָט דעם פסוק האָט גאָרדאָן פול־שטענדיק מקיים געווען.

„זיינע שריפטן זיינען ניט זיין לעבנס ווערק, שרייבט אהרא־נאָווייז, אם וויניקסטן, ער אליין האָט זיי ניט גערעכנט פאר זיין הויפט־ווערק; זיי זיינען מער ניט ווי א „פירוש צו זיין ווערק, און דאָס ווערק אליין — דאָס איז דער באשלוס כורת־ברית צו זיין, צו פארבינדן זיך אויף שטענדיק מיט דער ארבעט, און די עקשנות׳דיקע אָנהאלטונג פון זיין באשלוס אין א משך פון די אכצן יאָר, וואָס ער האָט געוואוינט אין ארץ ישראל" (געקומען איז ער קיין ארץ ישראל אין עלטער פון 48 יאָר. א. ש.).

* * *

וועגן זיין ארבעט אין רחובות דערציילט צ. ס.: „זיין ארבעט איז געווען ווי א תפילה זכה". ער האָט ניט געלייגט קיין אכט אויף קיין זאך, וואָס אַרום אים, ניט אויפן באלעבאָס און ניט אויף עמיצן אנדערש. ער האָט געארבעט מיט גרוים ערפורכט. זיינע הענט הויבן זיך און לאָזן זיך אראָפּ מיט קראפט, בשעת יעדן קלאַפּ מיטן „פּיאָש" (קירקע). שווערע טראָפּן שוויים קייקלען זיך אראָפּ פון זיין פנים אויף זיין גרויער באָרד, און די אויגן בליצן מיט א באַזונדער פייערל, א הייליק פייער."

* * *

אן אינטערעסאנטע שילדערונג וועגן גאָרדאָנ׳ען, אין דער צייט, וואָס ער האָט געוואוינט אין „עין גנים", געפינען מיר אין די פארעפנטליכטע זכרונות פון מ. ח.:

„צופוסנס פון בערגל, אין „עין גנים", אין אַ קליין הייזל פון איין צימער, אַ הייזל אין דער פארם פון אַ ווייסן, פיר־עקיקן קאסטן, דאָרטן וואוינט ער (גאָרדאָן). אינווייניק, אין איינצימערדיקן הויז, אַ בעט און אַ טיש, אַ בענקל און אַ לאָמפּ. דאָס צימער איז אייגנטליך נאָר א שלאָף־צימער. אלס א צימער פאר געסט און אן עס־צימער ווערט געברויכט דער „סאלאָן" — דאָס איז די לאָנקע, וואָס שפרייט זיך פאר דעמדאָזיקן הויז.

„אנטקעגן אים, צו מזרח־זייט, קוקן ארויס פונוויטן די איינ־

צעלנע פּאַלמען, וואָס געפינען זיך אויפ'ן באָדן פון אַראַבישן דאָרף „פּודזשעי", און איבער זיי די בלויע בערג פון יהודה.

— ווי געפעלט דיר „פּריץ" דערדאָזיקער סאַלאָן פרעגט ער אויסשטערקנדיק דערבײַ זײַנע הענט קעגנאיבער. זיצן זיצט ער אויף דער ערד, אָנגעשפּאַרט מיט'ן רוקן צו דער וואַנט פון הויז".

דער אָנהויב פון זון־שקיעה. די אָרעמע וועגעטאַרישע סעודה, וואָס חזר'ט זיך איבער יעדן טאָג, כמעט אָן ענדערונג, איז באַגלייט מיט אַ שמועס וועגן ליטעראַטור און וועגן שרײַבן אין אַלגעמיין, דאָס שרײַבן ווי אַ צוועק, ווי אַ עיקר אין לעבן ...

— מען שרײַבט און מען שרײַבט. מענטשן האָבן פאַרגעסן צו לעבן. עס פעלט דער געשמאַק פון לעבן, דער בראשית'דיקער אַפּעטיט פון לעבן ... און דער עיקר איז ווי אַזוי מען שרײַבט, ניין, דער נייער מענטש וועט ניט שרײַבן פיל, נאָר אַ ביסל, תמצים (עסענץ), אָט אַזאַ ביסל — ווײַזט ער אויפ'ן שפּיץ מעסער, וואָס בליסטשעט ביי אים אין האַנט אינם שיין פום דער אויפגייענדיקער לבנה.

עמיצער, פאַר'יאוש'ט, אליין אין זיין צימער, מאַטערט זיך אין קדחת פאַר טעג און נעכט. אין אָוונט, נאָך אַ קלאַפּ אין טיר קומט ער אריין. אין זיין אריינקום, וואָס איז רוהיק, געלאַסן, שפּירט זיך עפּעס פּלוצלומדיקעס ... נאָך זיין שטיין פאַר אַ מאָמענט אינמיטן צימער, קוקנדיק אהין און אהער:

— דאָס איז ווירקלעך אַ גראַמער צימער; זע נאָר זע, פיר טירן ... און אין אן אויגנבליק: — אָבער אויך שטויב איז דאָ פאַראַן זייער פיל.

און אָט האַלט ער שוין אין האַנט דעם בעזים, גלייך ווי ער איז צוגעגרייט געוואָרן פאַר אים אין דער פאַסיקער צייט, און ער שפּאַצירט מיט אים אין דער לענג און ברייט פון צימער, רעדנדיק אין דער זעלבער צייט, ספק און ערנסט, ספק און שפּאַס: נו, נו, אָט האָסטו דיר ארץ ישראל ... נו, נו, וואָס וועט איר זאָגן וועגן אַזאַ ארץ ישראל?" ...

פארענדיקט די אַרבעט מיט'ן בעזים, דערנענטערט ער זיך און זעצט זיך לעבן בעטל פון קראנקן.

— אַלזאָ „פריץ", וואָס מאַכסטו?

—ככה (אזוי)

—„ככה," אַלץ איז ביי אונז „ככה" ? . . .

* * *

מ. ב. שילדערט אַ פאַסירונג פון גאָרדאָנ'ס לעבן אין „דגניה", וואָס האָט געמאַכט אויף אים אַ זייער טיפן איינדרוק: דאָס איז געווען סוף יאָר 1920. גאָרדאָן האָט זיך אוועקגעזעצט עסן מי־טאָג און האָט דערלאַנגט מען אים אַ בריוו, וואָס ער האָט געלייענט מיט גרויס ערנסט און אָנשטרענגונג. געענדיקט לייענען, איז ער פארבליבן זיצן פאר אַ ווײַלע אויף זיין פּלאַץ אומבאַוועגליך. אַ טיפער צער און טריבער טרויער האָבן זיך געוויזן אין זיינע אויגן. דאָס עסן האָט ער ניט אָנגערירט. ער איז אויפגעשטאַנען פון בענקל, אַוועק אין זיין צימער, און אַזוי איז ער געלעגן פארטיפט אין זיך און שווייגנדיק ביז מען האָט אָנגעהויבן גיין צו דער אַרבעט. דאַן איז ער אויפגעשטאַנען, גענומען זיין קירקע און איז אַרויס צו דער אַרבעט . . .

די חברים באַזאָרגטע האָבן אָנגעהויבן פאָרשן וועגן דער אור־זאַך פון זיין מאָדנער שטימונג, נאָכן איבערלייענען דעם בריוו, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט אים געבראַכט די טרויעריקע בשורה וועגן טויט פון זיין בן־יחיד (אין רוסלאַנד)" . . .

* * *

וועגן זיין באַציהונג צום שרייבן: „ביז אין לעצטן טאָג — שרייבט אַהראָנאָוויץ וועגן גאָרדאָנען — האָט ער זיך געהיט נים הנאה צו האָבן מאַטעריעל פון זיין שרייבן און, ווען מען האָט אים אַמאָל געשיקט האָנאָראַר פאַר אַן אַרטיקל, וואָס ער האָט פארעפנטליכט אין דער דייטשער צייטונג „דער יודע", האָט ער

ניט געוואָלט באַנוצן זיך מיט דעם געלט און עס איבערגעגעבן צו דער אַדמיניסטראַציע פון „הפועל הצעיר“.

„מיר חברות, דערציילט מ. נ., האָבן געוואוינט אין „דגניה“ פיר אין איין צימער, וואָס איז געווען פּונקט אַנטקעגן דעם צימער וואו גאָרדאָן האָט געוואוינט מיט נאָך דריי חברים. אָפטמאָל, ווען מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן, פלעגן מיר הערן פונם צימער פון די חברים אַ הויך געלעכטער. אין די דאָזיקע נעכט, האָבן מיר געוואוסט, דערציילט גאָרדאָן זיינע אויסגעצייכנטע פאָלקס־מעשיות, וואָס אַ סך פון זיי האָט ער געדענקט און זייער געלונגען באַנוצט זיך מיט זיי ביי יעדער געלעגנהייט“.

„אָבער אָפטמאָל, און באַזונדערס אין די קאַלטע ווינטער־נעכט, ווען די ביימער האָבן געראַוושט הינטער די פענצטער. אָפּ־שלאָגנדיק די שווערע רעגן־טראָפּנס, וואָס האָבן געשמיסן אויף זיי, און מיר זענען געלעגן איינגעהילט אין די וואַרעמע קאָל־דרעס, דאַן פלעגט טרעפן, אַז אין קאָרידאָר, וואָס טיילט אָפּ דעם צימער פון אונזערע חבר'טעס פון דעם צימער פון די יונגע בחורים, ווערט אָנגעצונדן, אַרום דריי אַזייגער נאָך חצות, דער קעראָסין־לאָמפּ, און עס הערן זיך די טריט פון שווערע שטיוול. אין פריער און קאַלטער אַשמורה פלעגט גאָרדאָן אויפשטיין און שרייבן.

„אַמאָל האָב איך אויפגעעפנט, אַזוי בגנבה, די טיר. דאָס איז געווען דריי אַזייגער פאַרטאָג. אַלץ איז געווען פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף און איך האָב אַרויסגעקוקט אין קאָרידאָר אַריין. קיינמאָל וועל איך ניט פאַרגעסן דאָס בילד, וואָס איך האָב דאַן געזען:

„דאָס קליינע, גלעזערנע, בלויע לעמפּל, וואָס איז געווען באַ־שירעמט מיט אַ שטיקל גרין פּאַפּיר, האָט באַלויכטן דעם טיש, וואָס איז געווען באַדעקט מיט גרינע קלעק־פּאַפּיר. אַ „בלאַק“ (פּאַפּיר) און פּילע, פּילע בלעטלעך איינגאַנצן באַשריבן, און אי־בער זיי איז גאָרדאָן געזעסן איינגעבויגן, פאַרטיפט אין זיינע גע־

ראנקען, אָנגעשפּארט מיט'ן קאָפּ אויף זיין רעכטער האנט, וואָס ער האָט געהאלטן אויפ'ן טיש...

„אזוי האָט ער געשריבן אלע זיינע ארטיקלען. ער, דער זקן, פלעגט אויפשטיין אינדערפרי מיט א אונגלויבלעכער ענערגיע, אין די קאלטע אַזוי גוט ווי אין די ווארעמע נעכט. אליין איז ער דאן געווען, ווייל קיינער אויסער אים איז דאן ניט געווען מיט אים. אלע זענען דאן געווען פארזונקען אין דער וועלט פון אונבאַוואוסטזיין. און אזוי, אין דער דאָזיקער התבודדות וואָס ווערט ערוואָרבן דורך גרויס שווערקייט, האָט ער געשאפן זיינע גייסטיקע ווערק"...

ה

# זיינע לעצטע טעג

מיט אַ יאָר שפּעטער איז גאָרדאָן קראַנק געוואָרן מיט דער שרעקליכער ראַק־קראַנקהייט. דערציילט די חבר'טע מ. ב.:

„דאָס איז געווען אין זומער פון יאָר 1921, ווען די פאַרפלוכטע קראַנקהייט האָט אָנגעהויבן אויסצערן זיין קערפּער. אינדערפרי גייט גאָרדאָן אַרויס אין פעלד אַריין צו אַרבעטן מיט'ן „פּיאָש". און אָט גייט צו אים צו די חבר'טע ח., נעמט אַרויס דעם פּיאָש ביי אים פון האַנט און בעט אים, אַז ער זאָל אהיים גיין, נעמענדיק אין באַטראַכט זיין קראַנקהייט. ער אָבער וויל ניט מסכים זיין צו פאַרלאָזן די אַרבעט און דערקלערט, אַז ער וועט ממשיך זיין די אַרבעט, כל זמן ער וועט דאָס קענען טאָן...

„ענדלעך האָבן די דאָקטוירים אים אוועקגעשיקט קיין צפת און נאָכדעם קיין ירושלים, אָבער זיין געזונדס־צושטאַנד האָט זיך ניט פאַרבעסערט. די דאָקטוירים האָבן אים דאַן אַוועקגעשיקט קיין ווין. אָבער אויך די דאָרטיקע דאָקטוירים האָבן אויפגעגעבן די האָפנונג, אַז ער וועט געזונט ווערן, און דעריבער האָבן זיי אים צוריקגעשיקט קיין ארץ ישראל".

עטליכע וואָכן פאַר זיין טויט האָב איך ווידער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט גאָרדאָנען אין דער אכסניא פון חיים ברוך'ן, אין תל־אָביב. צו מיין גרויסן צער, האָב איך אים געטראָפן אין אַ שוידערליכן צושטאַנד, ליגנדיק אויף אַן אויסשטרעק־שטול, אַן אויסגעצערטער און אַ טויט־בלאַסער. אַרום דער שטול האָבן זיך געפונען איניקע חברים זיינע. אויך אהראָנאָוויץ צווישן זיי. מיט גרויס אָנשטרענגונג האָט מען קוים געהערט וואָס ער האָט גערעדט. אָבער ווי האָט גאָרדאָן געזאָגט:

„דער טויט איז נאַטירליכע דערשיינונג און מען דאַרף זיך באַציען צו אים ווי צו אַ נאַטירליכע דערשיינונג". און אַזוי ווי

ביי אים איז וואָרט און טאט געווען איינס און דאָס זעלבע, האָט ער רוהיק אויפגענומען זיין שוידערליכע קראנקהייט און נאָענטן סוף.

אין יענער צייט האָט א בעקאנטער שרייבער, אין ארץ־ישראל, פארעפנטליכט א בוך וועגן געוויסע פערזענליכקייטן פון ישוב, וועלכע ער האָט גלאָריפיצירט. אהראָנאָוויץ האָט דאָס בוך „ארונ־טערגעריסן" אין דער צייטונג „הפועל הצעיר".

ווען איך בין אָנגעקומען, האָבן גאָרדאָנ'ס פריינד געשמועסט וועגן דעמדאָזיקן בוך. אהראָנאָוויץ האָט עס ווידער שארף קריטיקירט, גאָרדאָן אָבער האָט פארטיידיקט דעם מחבר, אָנווייזנ־דיק אויף דעם, וואָס לויט דער מחבר שרייבט אין זיין הקדמה, האָט י. ח. ברענער, עליו השלום, דורכגעלייענט דעם מאַנוסקריפּט. ער האָט דערפון געדרונגען אז דאָס בוך האָט א געוויסע באדיי־טונג.

ווייסנדיק, אַז „דער אַלטער גאָרדאָן" ליידט שרעקליכע יסורים פון דער שוידערליכער קאנסער־קראנקהייט און, אז ער ווייסט, דאָס זיין סוף איז נאָענט, האָב איך מיט גרויס באוואונדערונג און שטוינונג בעאָבאַכט די צלילות־הדעת, די קלאָרקייט פון זיין פאר־שטאַנד און די רואיקייט, מיט וועלכער ער האָט אויך איצט בע־האַנדלט פארשיידענע געזעלשאפטליכע פראגן, וואָס האָבן אים אינטערעסירט.

זיין טאָכטער יעל שרייבט וועגן זיינע לעצטע טעג: „אין איין טאָג האָט ער מיר געזאָגט: „דאָס איז א גוטער סימן פאר א מענ־טשן. איך וויים דאָך, אז איך גיי שטארבן און, אז די צוקונפט איז ניט מיינע, און דאָך אינטערסיר איך זיך מיט אַלץ און איך בעאָבאַכט אַלץ, וואָס פאסירט און וואָס וועט פאסירן"...

אין זיין ארטיקל „הרהורים אחרונים", — די לעצטע באַ־טרובטונגען, שרייט ער:

**„און נאָך אייניקע ווערטער וועגן נעקראָלאָגן, הספדים א. א. וו. מענטשן ווילן ערן דעם, וואָס גייט אוועק און וועט זיך ניט**

צוריקקערן, דארפן זיי דאָך נעמען אין באטראכט, אז דער, וואָס גייט אַוועק איז מער ניט פאראַן. אַלץ, וואָס איז געווען — „ער" איז אריבער אין אוצר־הויז, אין הויז פון דער אייביקער שאפונג און איז אריינגעטראָטן אין אַזעלכע פארבינדונגען און באַציהונגען, וואָס די לעבעדיקע האָבן קיין באגריף ניט וועגן זיי. פאר זיי איז פאראַן אַן אייביקער סוד, און זיי דארפן זיך באַציהען צו אים ווי צו אַן אייביקן סוד. און אויב זיי ווילן אים ערן, איז ניט פאראַן קיין אַנדער כבוד פאַר אים ווי שווייגן...

„אַזוי האָב איך זיך נוהג געווען — איך האָב באַערט יעדן, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען פון אונז מיט שווייגן, און אַזוי וואָלט איך געוואָלט, אז מען זאָל זיך נוהג זיין מיט מיר. די, וואָס ווילן מיר ערן — זאָלן דאָס טאָן דורך שווייגן. אמווייניקסטן פאר אַ יאָר צייט זאָלן זיי גאָרנישט ריידן און ניט שרייבן וועגן מיר גאָרניט

„וועגן די זאכן, וואָס איך האָב געשריבן דארף מען ריידן, נאָר אויב עס איז פארבליבן אין זיי און, אויך וויפיל עס איז נאָך פארבליבן אין זיי, אַ לעבנס־ווערט, ד. ה. ניט קיין ליטעראַרישע אָדער פובליציסטישע ווערט, נאָר אַ לעבנס ווערט פאר דעם לעבן, וואָס ווערט באַנייט"...

* * *

„דו זאָלסט ניט גלויבן זיך אליין ביז'ן טאָג פון דיין טויט", זאָגן אונזערע חכמים. און ווירקליך זעען מיר פיל מאָל ווי אַזוי ראדיקאַלע מענטשן, וואָס האָבן אַלע זייערע יאָרן געקעמפט קעגן רעליגיע, ווערן פאר'ן טויט רעליגיעז און לאַדן איין אַ גייסטליכן, אַז ער זאָל מיט זיי זאָגן וידוי. אָדער עס פּאַסירט, אַז מענטשן בייטן זייערע מיינונגען אויף דער עלטער, פון פּאָרטגעשריטענע מענטשן, ווערן זיי פארוואנדלט אין פארביסענע רעאַקציאָנערן און פארקערט.

באַזונדערס טרעפן אַזעלכע פּאַסירונגען צווישן דער אידישער אינטעליגענץ, וואָס איז ניט שטאַנדהאַפט אין אירע מיינונ־

גען, וואָס קען פאַרגליכן ווערן צו „כאַלאָדיעץ (פארפרוירענע יויך), וואָס טרייסלט זיך און שאָקלט זיך שטענדיק.

אַלס ביישפּיל ווי אַזוי די דערנענטערונג פון טויט ווירקט אויף אייניקע פריידענקער, וועלן מיר אָנווייזן אויף דעם, אַז דר. נ. סירקין האָט פאַר זיין טויט איינגעלאַדן רעווערענד מאַסלי־אַנסקי, אַז ער זאָל מיט אים זאָגן וידוי, און א. ליטוואַק האָט זיך געהייסן געבן אַ ספר פאַר׳ן טויט.

גאָרדאָן איז אין דער הינזיכט געווען אַ גליקליכער אויסנאַם. ער איז געווען מאָנאָליטיש אין זיין וועלט־אָנשויאונג, און ביז זיין לעצטן טאָג טריי געדינט זיינע יוגנט־אידעאַלן. וועגן אים קען געזאָגט ווערן: „וואויל איז צו זיין עלטער, וואָס האָט ניט פאַרשעמט זיין יוגנט״.

אהראָנאָוויץ שרייבט וועגן דער באַציהונג פון גאָרדאָנ׳ען צו זיין טויט אַט־וואָס:

„ווען גאָרדאָן האָט דערפילט, אַז ער ווערט שוואַך און אַז זיינע כּוחות פאַרלאָזן אים (דאָס איז געווען בערך אַ יאָר פאַר זיין טויט), האָט ער געדענקט אַז די שוואַכקייט קומט פון על־טער, און ער האָט זיך זייער דערשראָקן: ווער ווייסט ווי לאַנג די עלטער וועט זיך פאַרציען, און ער וועט ניט זיין אימשטאַנד צו אַרבעטן און דאַרפן זיין אַ משא אויף אַנדערע. דאָס האָט אים זייער געשראָקן. „דער טויט זעלבסט שרעקט מיך לגמרי ניט. וואָס עס שרעקט מיך יאָ, איז די איבערגאַנגס־צייט. אין איר, אין דער איבערגאַנגס־צייט, ליגט דאָס שלעכטס און ניט אין טויט גופא״. „ווען איך זאָל קענען אַרבעטן ביז מיין לעצטן טאָג, וואָלט איך באַגעגנט דעם טויט מיט פרייד״. — —

„אין זיינע לעצטע טעג — מיר איז אויסגעקומען צו זען אים דריי טעג פאַר זיין טויט — זענען געווען מאָמענטן פון ערשטוי־נענדן אויפברויז און פון אויסברוך פון אויסערגעוויינליכער שמחה. — — —

„דער אַלגעמיינער טאָן איז געווען: רוהיקייט, ישוב־הדעת, אַ לייכטע פילאָזאָפישע דערקלערונג וועגן דעם מהות פון טויט,

וועגן זיין נאטירלעכקייט. און מיט רו און לייכטע קאָנוואולסיעס איז ער איינגעשלאָפן, געשטאָרבן, אין כ"ד שבט, תרפ"ב. צוויי טעג פאר זיין טויט האָט ער זיך געזעגנט מיט די ארומיקע און געבעטן איבערגעבן גרוסן אלעמען."

אָט ווי אזוי זיין טאָכטער שילדערט זיינע לעצטע טעג: „אין מיין געדאנק זענען איינגעקריצט די זכרונות, וואָס זענען פארבונדן מיט זיינע לעצטע לעבנס־טעג. זיינע געדאנקען, וואָס ער האָט דאן אויסגעדריקט פאר מיר, זענען בערך אָט וואָס:

„עס וועט קומען א טאָג, ווען דער מענטש וועט זיך פארטיפן אין זיין גייסט, וואָס איז ביז איצט כמעט פארבאָרגן פון אים, ווייל זיין געדאנק איז געווענדעט געוואָרן צו דער נאַטור, וואָס איז אויסער אים, און אין איר, אין דער נאטור, האָט ער קאָנצענטרירט זיין גאנצן אויפמערק און זיין ענערגיע און האָט אין איר ענטדעקט גרויסעס און וויכטיקעס, וואונדערליכע און מעכטיקע ערפינדונגען אין אין דער וויסנשאפט, אין טעכניק. אין יענעם טאָג אָבער וועט ער, דער מענטש, ענטדעקן אין זיין גייסט מעכטיקע באהאלטענע כוחות, וואָס וועלן בארייכערן דאָס לעבן פון מענטשן און פירן זיי צו א ריזיקן פאָרטשריט אין זייער אינערליכער גייסטיקער קולטור, וואָס וועט פארגליכן ווערן צו זייער פאָרטשריט אין דער וויסנשאַפט און אין דער טעכניק."

ער האָט אין דער הינזיכט פאַרגליכן די גאנצע מענטשהייט צו אַן איינצעלנעם מענטשן, וואָס קודם כל לערנט ער צו דערקענען און פרימאָרנן פון זיין לעבן די אויסערליכע וועלט, וואָס רינגלט אים ארום, און פון זיין אינערליכער פריוואטער וועלט ווענדט ער אָפּ זיין פארשטאַנד, און נאָר ווען זיין פארשטאַנד ווערט רייף, ווען ער באַקומט ערפארונג אין ווירקליכן אויסערליכן לעבן, וואָס איז ארום אים, הויבט ער אָן זיך אינטערעסירן אויך מיט זיין אינערליכער וועלט.

„מיט גרויס התלהבות האָט ער פאר מיר געשילדערט די ערהאָבענע צוקונפט פונם מענטשן, ווען ער וועט געפינען און וועט אויסגראָבן די אוצרות פון זיין גייסט, און ווי אזוי זיין פאר־

באָרגן ליכט וועט זיך דורכברעכן און באַלייכטן און פאַרשענערן די באַציהונג צווישן מענטשן, ביז זיי וועלן דערגרייכן צו דער מדרגה פון „נייע הימלען און א נייע ערד״... צום סוף האָט ער צוגעגעבן: „אויב מיר גלויבן אין דער מעגליכקייט פון אזא גרויסן פאָרטשריט פון מענטשליכן גייסט אין דער צוקונפט, דאַרפן מיר פון היינט אָן ווענדן אונזער לעבנסוועג אין דער ריכטונג פון דער דאָזיקער גרויסער צוקונפט״...

דאָס זענען טיילן פון זיינע לעצטע ווערטער אין דער נאַכט פון זיין טויט. נאָך די דאָזיקע רייד האָט ער צוגעגעבן, אז עס ווייזט אויס, אז ער לעבט איצט אדורך זיינע לעצטע מינוטן. דער טאָן — רוהיק און פשוט, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען א געוויינ־ליכער טאָג־טעגליכער שמועס. ער האָט נאָך געפּרובירט דאָס לעצטע מאָל זיך אויפהויבן פונם געלעגער און אויסדריקן עפּעס, אָבער די רייד זענען ניט געווען קלאָר און איך האָב זיי ניט פאַר־שטאַנען. ער האָט דאָס דערקענט נאָכ'ן אויסדרוק פון דער אָנ־שטרענגונג אויף מיין פּנים; ער האָט געזאָגט, אז ער קען מער ניט אויסדריקן זיין געדאנק... זיין קאָפּ האָט געזונקען אויפ'ן קישן און ער איז אויף אייביק איינגעשלאָפן...

באערדיקט איז ער געוואָרן אין „דגניה״, און אויף זיין מצבה איז אויסגעקריצט: „עובד האדם והטבע״.

* * *

„תמות נפשי מות ישרים״ — — — „זאָל מיין זעל שטאַרבן מיט'ן טויט פון די גערעכטע און זאָל מיין סוף זיין ווי זיינער״ (במדבר כ״ג, י׳). אָט דער פּסוק איז מיר געקומען אויפ'ן זינען, ווען איך האָב געלייענט די שילדערונגען וועגן זיינע לעצטע טעג. אָבער, ווי זאָגט די גמרא: „דער וואָס האָט זיך מטריח געווען אום ערב־שבת, עסט אום שבת״, אָדער ווי מען זאָגט אין אידיש: „ווי אזוי מען בעט זיך אויס — אזוי ליגט מען״...

* * *

ו.

# גאָרדאָן — דער שעפער און מענטש

עס זענען געווען אידן אין ארץ־ישראל און אין אנדערע לענ־דער, וואָס האָבן גערופן גאָרדאָנ׳ען „דער אידישער טאָלסטאָי" און ברענער׳ן „דער אידישער דאָסטאָיעווסקי."

ווייל איך קודם כל באַמערקן אַז זשעניען, גרויסער שרייבער, דענקער און פערזענליכקייטן קאָן מען ניט פארגלייכן. זייער גרויס־קייט באַשטייט אין זייערע באַזונדערע ספּעציפישע אייגנשאַפטן. וואָס איז נוגע גאָרדאָנ׳ען האָב איך שוין אָנגעוויזן, אַז זיין ליבע צו דער נאַטור שטאַמט פון דעם וואָס ער האָט אין זיינע יונגע יאָרן געלעבט אין אַ דאָרף, און גאָבדעם אין אַ וואַלד. און אויב ער איז באַאיינפלוסט געוואָרן פון ספרים, איז ער פיל מער באַ־איינפלוסט געוואָרן פון מגילת רות און שיר השירים, ווי פון טאָל־סטאָי׳ען.

גאָרדנ׳ס עסייען און ארטיקלען צייכענען זיך אויס מיט זיי־ער גייסטרייכקייט, מיט זייער טיפער מענטשליכקייט. סטילים־טיש אָבער זיי זענען וויייט פון שלימות — זיין זאַץ איז ניט בע־ארבעט גענוג און ער חזר׳ט איבער די זעלבע געדאנקען אין פאר־שיידענע ארטיקלען.

די פּגימות אין זיין שרייבן, קומען מסתמא דערפון, וואָס ער האָט קיין צייט ניט געהאַט צו בעארבעטן ווי געהעריק זיינע עסיי־ען און, ווי עס איז באוואוסט, באַשטייט געניאַליטעט פון 90 פּראָצענט ארבעט און 10 פּראָצענט טאַלאַנט.

עס איז זייער גוט צו שרייבן פאַרטאָג, ווען מענטשן שלאָפן און די לופט איז ריין פון שקר, ווי ר׳ פנחס קאָריצער ז"ל פלעגט זאָגן וועגן לערנען תורה פארטאָג. אָבער, ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן, אַז מען איז פיזיש ניט אויסגעשעפּט, ווי גאָרדאָן ז"ל,

וואָס האָט געארבעט טאָג־טעגליך עבודת־פּרך מיט דער קירקע אויפ'ן פעלד.

זיינע גרויסע ליטעראַרישע פעהיקייטן האָבן זיך ארויסגעוויזן אין איניקע פון זיינע עסייען, וועלכע ער האָט באַארבעט כּדבעי. לײדער, איז ער דאָס ניט אַלע מאָל געווען אימשטאַנד צו טאָן.

אָבער די גרויסקייט פון גאָרדאָנ'ען באַשטייט הויפּטזעכליך אין זיין ריזיקער פּערזענליכקייט, אין זיין פעלזנפעסטן כאַראַקטער און „זיינע שריפטן זענען בלויז א פּירוש צו זיין טעטיקייט". און אין דעם פּרט, ווען מען פארגלייכט גאָרדאָנ'ען צו טאָלסטאָי'ען, קלער איך — „אויב ניט העכער". גאָרדאָן האָט געלעבט ווי א קדוש, בעת טאָלסטאָי האָט בלויז געשטרעבט צו דעם און אין דער ווירקלעכקייט האָט ער געלעבט ווי א גראַף, געניסנדיק פון אַלע תענוגי עולם־הזה, פון די בעסטע פּריצישע לוקסוסן. גאָרדאָן איז געווען א „נאה דורש און א נאה מקיים", („הגשמה עצמית", אויף זיין לשון) געלעבט לויט זיינע פּרינציפּן, טאָלסטאָי אָבער האָט ניט געהאַט קיין ווילנסקראַפט צו שיידן זיך מיט דער אַריסטאָקראַטישער סביבה און צונויפגיסן זיך בפּועל ממש מיט „עמך", מיט'ן פּשוט'ן המון.

ווען גאָרדאָנ'ען איז געקומען אויפ'ן זינען צו פאָרן קיין ארץ ישראל, האָט ער זיך געפונען אין א גרויסער פארלעגנהייט: זיינע עלטערן, זיין פרוי און זיין בן־יחיד האָבן ניט איינגעשטימט דערצו. ביי זיינע עלטערן איז ער געווען א בן־יחיד. און זיין אייגענער בן־יחיד האָט ניט געוואָלט פאָרן קיין ארץ ישראל, ווייל ער איז געווען א געגנער פון ציוניזם צוליב רעליגיעזע טעמים.

עס איז געווען זייער שווער פאַר אים צו שיידן זיך פון זיין משפּחה און פון זיין בן־יחיד. עס איז ביי אים פאָרגעקומען א קאַמף צווישן זיין אינערליכן געוויסן און איבערצייגונגען. און דאָך האָט ער באַשלאָסן אליין צו פאָרן קיין ארץ ישראל. (פארשטייט זיך, אז ער האָט געטאָן אַלץ אין זיין מעגליכקייט צו שטיצן מאַטעריעל זיין משפּחה). בלויז מיט יאָרן שפּעטער איז זיין טאָכטער יעל, וואָס איז אַלע מאָל געווען איבערגעגעבן צו די אידע־

אלן און פרינציפן, וואָס איר פאָטער האָט געפּרעדיקט, נעקומען קיין ארץ ישראל — און נאָך איר זיין פרוי. וואָס איז נוגע זיין בן־יחיד, האָט גאָרדאָן אים מער ניט געזען און בלויז דורך א בריוו האָט ער זיך דערוואוסט וועגן זיין פריצייטיקן טויט...

גאָרדאָן קען גיכער פארגליכן ווערן צום גרויסן „קדוש" פון אונזער צייט — מאהאטמא גאנדי, וועמענס גרויסקייט באשטייט, הויפּזעכליך, אין זיין פערזענליכקייט, אין דעם וואָס ער ווייזט, דורך זיין פערזענליכן לעבן, דער מענטשהייט ווי אזוי דער אוי־בער־מענטש, דער עטישער מענטש דארף לעבן.

א פּאסנדע כאראקטעריסטיק פון א. ד. גאָרדאָן געפין איך אין דעם קלאסישן פערז פון ח. נ. ביאליק ז"ל:

„אייער לעבן איז די בעסטע שאפונג,
אייער וועזן העכסטע קונסטווערק."

* * *

ז.

# געדאנקען און באטראכטונגען פון גאָרדאָנען

## דער מענטש און די נאטור

דער מענטש דארף זיך צוריקקערן צום אָרט פונוואנען ער קומט, צו דער נאטור, כדי צו זיין ניט קיין קנעכט און ניט קיין האר איבער איר, נאָר א פאסיקער חבר אירער אין לעבן, און א פאסיקער שותף צו איר שאפונג.

* * *

דער אבסאָלוטער געבאָט פון מענטשליכן גייסט איז ניט דער דאָזיקער, וואָס איז אָנגענומען אין דער קולטור־וועלט: „וויים די נאטור און ליב זי", נייערט דער געבאָט, וואָס ווערט לגמרי ניט געהערט אין דער קולטור־וועלט, וואָס ברומט ווי א טויב אין דעם זוכנדיקן גייסט, וואָס שליידערט זיך ארום ווי א פייגעלע אין א ענגער שטייגעלע.

* * *

## „לעב מיט דער נאטור"

אלע פארזייען פון דעם מענטשן, זיינע פארפלאנצונגען, זיינע געביידעס, זיינע אויסגראָבונגען, אלץ, וואָס ער טוט אויף דער אויבערפלאך פון דער ערד, דארפן ניט מינערן, נייערט פארגרע־סערן די שיינקייט פון דער נאטור און איר מאיעסטעטישקייט.

* * *

קען דען דער מענטש גרויס זיין, ווען ער איז פון דער נא־טור אָפגעריסן? קען ער דען פריי לעבן אלס קנעכט פון דער נא־טור, אָדער אלס הערשער איבער איר — וואָס איז אין תוך אריין גאנץ גלייך? ווי קען דעם מענטשנ'ס לעבן ליכטיק זיין, ווען די נאטור, דער קוואל פון לעבן איז בלינד? צי קען דען דאָרטן לעבן זיין, אוואו אלץ שטייט נאָר אויף מעכאניק און טעכניק?

* * *

# נאציאָנאַליזם און סאָציאַליזם

דער סאָציאַליזם איז באַזירט אויף דער טעכניק און אינדוס־טריע, בעת דער נאציאָנאַליזם איז באַזירט אויפ׳ן לעבן און שאַ־פונג. דעריבער איז דער סאָציאַליזם אַזוי קלאָר און דייטליך, אַזוי לייכט פאַרשטענדליך אין אַלע זיינע טיילן עפּעס, וואָס מען קען ניט זאָגן וועגן נאַציאָנאַליזם, אַזוי ווי מען קען דאָס ניט זאָגן וועגן לעבן זעלבסט.

* * *

אונזער לעבן איז ניט מער ווי אַ געוועב פון פרעמדן פלאַקס, דאָס פּסולת פון פרעמדן־לעבן. עס איז אַזוי פאַרוויקלט מיט׳ן פרעמדן לעבן, אַז מיר קענען ניט פעסטשטעלן, וואו הויבט זיך אייגנטלעך אָן און וואו ענדיקט זיך אָט דאָס, וואָס מיר רופן אָן: אונזער לעבן.

* * *

דער סאָציאַליזם באַגרינדעט דעם פּאָרטשריט און די באַניי־אונג פון מענטשן הויפּטזעכליך אויף דער אויסבעסערונג און באַנייאונג פונם מענטשליכן גייסט. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז ס׳קומט פאַר אַ געגנזייטיקע ווירקונג, וואָס קיין דענקענדער מענטש וועט ניט לייקענען. דער אונטערשייד אָבער באַשטייט אין דעם, וואָס איז דאָס וויכטיקסטע, וואָס איז די הויפּט זאַך.

ביים סאָציאַליזם איז דער עיקר דאָס אויסערליכע לעבן, די אָביעקטיווע פאַקטאָרן פון לעבן, וואָס וועלן דורך זייער אויסבע־סערונג פאַרפאָלקאָמען נישט בלויז דאָס לעבן, נאָר אויך דעם מענטשן, און רעכנט זיך נישט גענוג מיט די סוביעקטיווע פאַק־טאָרן פון מענטשן.

אונזער רצון, אונזער מחות איז צובראָקלט און צוריסן אין אַזוי פיל שטיקער וויפיל עס זעגען די אומות, וואו מיר זיינען צוזייט און צושפּרייט, אָדער וויפיל פּאַרטייען די דאָזיקע אומות האָבן, וויפיל טעאָריעס אָדער אידעאַלן עס לאָזן זיך אין זייער

לעבן שאפן. . . . אפילו זיך אלס פאָלק אנערקענען, זאָגן, אז מיר ווילן נאציאָנאל לעבן האָבן מיר אויך די „חוצפה" ניט געהאט, כל זמן די אנדערע האָבן אָפיציעל דעם נאציאָנאליזם ניט מתיר געווען.

* * *

ביי אונז האָט מען געקאָנט א ציוניסט זיין, אפילו ארבעטן אין ארץ־ישראל, און דאָך אן אנטי־נאציאָנאליסט בלייבן, ביז עס איז געקומען די צייט און דער אָפיציעלער סאָציאליזם האָט אָפיציעל דערלויבט א נאציאָנאליסט צו זיין.

* * *

די אומה איז עפּעס מער ווי א סאָציאלע גרופּע. די אומה— איז דער מענטש, דער מענטשליכער „איך" פון א געוויסן חלק פון דער נאטור (פון א געוויסן אָרט) מיט זיינע פארשיידענע פאָרמען און אירע איבערלעבענישן. נאָר די אומה, דער קאָלעקטיווער „איך", דער גייסט פון דער אומה, איר שכינה נעמט אריין די נשמה פון דער נאטור, וועלכע דער יחיד איז ניט בכוח תופס צו זיין.

* * *

די אומה, אזוי ווי דער יחיד, לעבט ניט פאר זיך אליין. זי מוז זאָרגן און ארבעטן פאר דער איבריקער וועלט.

„מענטשהייט", „אלגעמיין־מענטשליכע אידעאלן" א. א. וו. זיינען מיר ניט ווי אבסטראקציעס, אלגעמיינע מושגים; אין דער ווירקליכקייט אָבער האָבן מיר נאָר אומות, פעלקער, יעדע אומה מיט איר ספּעציפיש לעבן.

* * *

דאָס וואָס דאָס לעבן אין היינטיקע צייטן איז אזוי טרוקן, הארט, ווי מען זאָגט, מאטעריליסטיש — איז עס ניט ווייל מען גלויבט אין דער אָדער יענער מאטעריאליסטישער תורה, ניט ווייל דער מענטשליכער פארשטאנד איז אזוי קלוג געוואָרן, נאָר בלויז

דערפאר, ווייל די אומה איז אויסגעטריקנט, אויסגעדארט, ווייל זי האָט אויפגעהערט מיט׳ן לעבן צו גיין.

* * *

אויב קומען וועט יאָ אמאָל אַ צייט, ווען מלחמות וועלן בשום אופן ניט קענען פאָרקומען, וועט עס נאָר געשען אויפ׳ן יסוד פון א גרויסן מענטשליך־קאָסמישן נאַציאָנאליזם, ווען ניט נאָר מענטשן וועלן פילן דעם חוב גוט און פרום צו זיין, נאָר אויך פעלקער וועלן שטרעבן גרויס צו ווערן, גרויס מענטשליך־קאָסמיש.

## ארבעט

דער קאפיטאל ווערט תמיד דורך די ארבעטער געשאפן און איז אָפּהענגיק פון די ארבעטער אָדער פון דער ארבעטער־געמיינשאפט פיל מער ווי זי פון איס. און אויב דער קאפיטאל הערשט איבער די ארבעטער, הייסט דאָס ווייטער: זיי, די קאפיטאליסטן, האָבן געגנוג רצון אָדער באוואוסטזיין צו באהערשן דעם קאפיטאל.

* * *

די תאוה צו קאפיטאל איז בעצם ניט מער און ווייניקער ווי די תאוה צו הערשן איבער אנדערע, איבער זייער קראפט, זייער לעבן און רצון. . . . דער קאפיטאליסט איז ניט שטארק דורך דעם וואָס ער באזיצט באמת א ממשות׳דיקע הערשער־מאכט — די ארבעט איז א גרעסערע און רעאַלערע קראפט.

ניט דורך זיין מאכט איז ער שטארק, נאָר דורך די שוואכקייטן פון אנדערע.

* * *

דאָ, אין ארץ־ישראל זאָל די ארבעט געטאָן ווערן נאָר דורך אייגענע הענט; אין ארץ־ישראל טאָר קיינער פון דער ערד ניט לעבן, אויב ער ארבעט אליין ניט, ער און זיין פאמיליע.

* * *

— און דער אמת, דער פשוט'ער אמת, דער אמת און „חכמות" זאָגט קלאָר, אז דאָס לעבן אויף דער ארבעט פון אנדערע, אז דער פאַראַזיטיזם אין יעדער פאָרם, אפילו ווען ער זעט אויס זייער עפעקטייוו, קען ניט דינען פאר א יסוד פון „אבסאָלוטער גערעכטי־קייט" אָדער אפילו פאר ניט אבסאָלוטער גערעכטיקייט, און בכלל צו די אלע גוטע זאכן, וואָס קומען אריין אין אינוועטאר פון אידישער מאָראל.

*　　*　　*

דער אמת זאָגט: מיט'ן שוויים פון דיין געזיכט, אָדער מער דייטליך, מיט'ן כוח פון דיינע הענט זאָלסטו עסן ברויט, אויב דו יאָגסט זיך נאָך גערעכטיקייט, אויב דו ביסט א מאָראלישער מענטש.

*　　*　　*

די ארבעט וואָס באשאפט די זאכן, וואָס זענען באמת נויטיק פאר'ן גאנצן פאָלק, איז ניט קיין קאפיטאליסטישע ארבעט און דער קאפיטאל האָט ניט קיין גרויסע השפעה אויף איר, און פאר־קערט, די ארבעט וואָס שאפט זאכן, אין וועלכע די פאָלקס־מאסן נויטיקן זיך ניט, נאָר בלויז רייכע מענטשן און פאראזיטן, אָדער, וואָס שאפט דעסטרוקטיווע מלחמה־געווער, אָדער בכלל זאכן, וואָס זיינען שעדליך פאר מענטשן, בעת דאָס פאָלק דארף האָבן נויט־ווענדיקע זאכן — אזא ארבעט איז קאפיטאליסטיש, אפילו ווען די ארבעטער אין די דאָזיקע אונטערנעמונגען ארבעטן אויף קאָ־אָפעראטיווע יסודות און באקומען א פולשטענדיקן לוין."

*　　*　　*

יעדער, וואָס זאָגט: געזעלשאפטליכע גערעכטיגקייט, זאָגט מיט דעם, אז קודם כל דארף ער אליין, בכבודו ובעצמו, אויפהערן צו פירן א פאראזיטישן לעבן, אָדער א לעבן אין לוקסוס, און זיך נעמען ארבעטן און לעבן בלויז פון ארבעט.

גענוג כאראקטעריסטיש אין דעם פרט (די באציהונג צו ארבעט) איז דער מאמר „ווען אידן טוען גאָט'ס ווילן, ווערט זייער ארבעט

געטון דורך אנדערע". דאָס איז ניט בלויז א מימרא. די דאָזיקע זאַך איז, באוואוסטזיניק אָדער אונבאוואוסטזיניק, א געפילזאַך אָדער א צווייטע נאַטור."

* * *

אויב מיר ווען ניט באארבעטן די ערד (אין ארץ ישראל) מיט אונזערע הענט, וועט די ערד ניט זיין אונזערע, ניט נאָר אין סאָציאלן זין, נאָר אויך אין פּאָליטישן זין: די לאַנד וועט ניט זיין אונזערע און מיר וועלן ניט זיין דאָס פֿאָלק פון דעם לאַנד. די ארבעט פלעגט אונז ניט נאָר ווי א כוח, וואָס בינדט דעם מענטשן צו צו דער ערד און מאכט די ערד פאר זיין קנין, נאָר אויך ווי דער עלעמענטארער פאקטאָר אין דער שאפונג פון יעטווידער נאציאָנאלער קולטור.

* * *

## די באציהונגען צווישן אידן און אראבער

אמת איז דער יסוד פון אונזער וועלט. באשיידן איז דער אמת, אָבער זיין קראפט איז גרעסער פון דער קראַפט פון אלע לאָזונגען, וואָס זענען אָנגעשריבן אויף פאָנען. און ניט נאָר באווירקט די קראפט פונ'ם אמת די באציהונגען צווישן איינצעלנע פערזאָנען, נאָר אויך די באציהונגען צווישן פעלקער. מיט'ן כוח פון אמת וועלן מיר געפינען א וועג פאר א געמיינשאפטליך לעבן מיט די אראבער און פאר געמיינשאפטליכע ארבעט, וואָס וועט זיין א ברכה פארביידע צדדים.

מיר דארפן זיין זייער פּאָרזיכטיק אין אונזערע באציהונגען צו די אראבער אין דער ערווערבונג פון באדן א. א. וו. ניט אָנצוגרייפן זייערע מענטשליכע רעכט אפילו א קליין ביסל, ניט ארויסצושטויסן די, וואָס באארבעטן ווירקליך זייער באָדן.

וועט זיך אונז איינגעבן צו שאפן אין ארץ־ישראל א מענטשלעך לעבן, צו שאפן זיך זעלבסט די יחידים און דאָס פאָלק, וועלן

ארום אונז געשאפן ווערן אויך אראבער, וואָס שטייען אויף דער הויך פון מענטשליך לעבן און מענטשליכער באציהונגג.

## פארשידענעס

מיר (אידן) זענען פאראינטערעסירט אין דעם פאָרטשריט פון דעם מענטשליכן גייסט, דען אויב דער מענטשליכער גייסט וועט זינקען, וועלן מיר קיין תקומה ניט האָבן.

* * *

איך קען בשום אופן ניט שלום מאכן מיט'ן געדאנק, אז דאָס אידישע פאָלק, ווען עס וועט ווידער ווערן א לעבעדיק פאָלק, זאָל ניט וואקסן פון זיך אליין· נאָר זיך נאָכשלעפן נאָך אנדערע. און עס איז אויך פאר מיר קלאָר: אויב ער (דאָס פאָלק) וועט זיך בלויז נאָכשלעפן נאָך אנדערע, אויב דאָס, וואָס ווערט אין ארץ־ישראל געשאפן וועט זיין בלויז א אידישע איבערזעצונג פון אייראָ־פעאישן לעבן, וועט עס קיין קיום ניט האָבן, ווייל עס וועט אין אים ניט זיין דער שטארקער לעבנס־גייסט, וואָס אינספירירט, וואָס מאכט טעטיק.

* * *

מען טאָר ניט פארגעסן, אז דער „אור הגנוז" (דאָס געהיימע ליכט) איז אָפּגעהיט געוואָרן אין א גרויסער מאָס צווישן די פרומע אידן, אָבער זיי ווייסן ניט ווי אזוי אויפצודעקן אים דערפאר, וואָס זיי באנוצן זיך מיט אלטע געצייג.

* * *

איך ווארט ניט אויף קיין נביא און זוך ניט קיין נביא. דער נביא וועט ניט אויסלייזן דעם מענטשן. די נבואה דארף באַ־הערשן דאָס פאָלק, אלע מענטשן.

# אינהאלט: